אלוקראִיִנישע וויסנשאפטלעכע אקאדעמיע
אינסטיטוט פאר יִידישער פראָלעטארישער קולטור
פילאָלאָגישע סעקציע

---

ע. ספּיוואק

# מארקס און ענגעלס
# וועגן שפּראַך-פּראָבלעמעס



פארלאג פון דער אלוקראִיִנישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע
קיִעוו ● 1934

פאראנטוו. רעדאקטער—מ. ל ע ו י ט א נ.
טעכנישער רעדאקטער — ז. ט ו ר ב אָ ו ר־
ס ק י. קאָרעקטער — כ. ל יי ב אָ ו י ט ש.
פּאפּיר 94×62—1/16—38 קג. 8 דרוק־
בויגנ. אינ 1 פּאפּיר־בויגנ 96 000 צייכנס.
טיראזש 1.500 עקז. פארלאג נומ. E‑258.
2-טע אינטערנאציאָנאלע דרוקערײַ "אופּ"ט.
קיעוו, רויטער פּלאַצ 2‑a. באשט. 222.
אָפּגעגעבנ אינ זאצ — 30/III 1934, אונטער־
געשריבנ צום דרוק 23/VII 1934.

דערלויבט ארויסצולאָזנ פונ דרוק. פאָרזיצער פונעמ רע־
דאגיר־פארלעגערישנ ראט פונ דער אלוקראיִנישער וויסנ־
שאפטלעכער אקאדעמיע אקאדעמיקער אָ. וו. פאלאדינ.

# מארקס אונ ענגעלס וועגנ שפראכ־פראָבלעמעס

(צומ 50־טנ יאָרטאָג פונ מארקס טויט—14 מארט 1883—14 מארט 1933)

## I

50 יאָר איז געוואָרנ זינט „די מענטשהײַט איז מיט א קאָפּ נידעריקער געוואָרנ“[1]. דער מענטשהײַט — דעמ פּראָלעטאריאט אונ די אונטערגעדריקטע קלאסנ אונ פעלקער—איז שוינ אָבער אפּ דוירעס אונ צײַטנ פארבליבנ די אומשטערבלעכע גאָב פונ מארקס מעכטיקנ מויעכ, „דעמ גרעסטנ מויעכ פונ דער 2־טער העלפט פונ אונדזער יאָרהונדערט“[2]. עס לעבט אונ ס'וועט לעבנ דער פלאמיקסטער דראנג מארקס צו דערקלערנ („interpretieren“) אונ איבערצומאכנ די וועלט, ארויסצורײַסנ זי פונ קאפּיטאליסטישער קנעכטשאפט אונ עקספּלואטאציע:

„אימ האָבנ מיר צו דאנקענ פאר דעמ אלצ, וואָס מיר זײַנענ געוואָרנ, אונ די גאָרע הײַנטצײַטיקע באוועגונג דערמיט, וואָס זי איז איצט געוואָרנ, האָט זי צו פארדאנקענ זײַנ טעאָרעטישער אונ פּראקטישער טעטיקײַט; אָנ אימ וואָלטנ מיר נאָכ אדײַעמ געבלאָנקעט אינ דער פינצטער“[3].

אינ דער גאָרער אלוועלטלעכ־היסטאָרישער באטײַט פונ מארקס לערע, איר גרויסער עמעס ווערט איצט בוילעט פארקערפּערט אינ דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציאָנערער „וואָרהײַט“, אינ דער לעבעדיקער פּראקטיק פונעמ ראטנלאנד, פונעמ לאנד, ווו עס ווערט געבויט דער סאָציאליזמ.

דער ערשטער האָט מארקס געשמידט דעמ פּאָרגעשריטנסטנ מעטאָד פונ גאָרער דערקענטעניש אונ פונ פּראָלעטארישער רעוואָליוציע אפּ אלע געביטנ פונ מענטשלעכנ זײַנ. צוערשט זײַנענ בא מארקסנ באהעלט געוואָרנ מיט וווּנדערלעכ־אויסקלאָרנדיקער שײַנ די פארשיידנסטע געביטנ פונעמ מענטשלעכנ וויסנ, דערינ אויכ אזוינע, וואָס מארקס האָט זיכ מיט זיי דירעקט אונ ספּעציעל ניט אָפּגעגעבנ אינ דער מאָס, ווי ער האָט עס געטאָנ אינ אנדערע פאלנ.

אונ אויכ צו שפּראכ אונ שפּראכוויסנ איז, געוויינטלעכ, שײַעכ אָט די גאָרע דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישע סיסטעמ, וואָס עס האָבנ מיט אזא אומגעהייערער רעוואָליוציאָנערער קראפט פאנאנדערגעארבעט מארקס, ענגעלס אונ דערנאָכ—לענינ, סטאלינ—אָט די גרעסטע מארקסיסטנ אונ רעוואָליוציאָנערנ אפּ די נײַע היסטאָרישע עטאפּנ.

בלויז דאָ—אינעמ מארקסיזמ־לעניניזמ—איז אויכ די אויסגאנג־באזע אונ די גרונט־לייגנדיקע זיכערסטע האנאָכעס פאר דער נײַער לינגוויסטיק, וואָס ווערט געשאפנ.

---

[1] ענגעלס אינ א בריוו צו זאָרגענ דעמ 15 מארט 1883 יאָר.

[2] ענגעלס אינ א בריוו צו ליבקנעכטנ דעמ 14־טנ מארט 1883.

[3] דאָרטנ.

## II

דעם עמעס געזאָגט, האָט די לינגוויסטיק פארשפעטיקט מיט אָפּלערנען זיך פונ דער מארקסיסטישער קלאסיק און מיט דערלערנען זי גרינטלעך.

מיר ריידן ניט, פארשטייט זיך, פונעם בורזשואזן לאגער. קלאָר, אז דאָ האָט מען ניט געהאט וואָס צו כאפּן זיך מיט אזוינע זאכן. וואָס מע האָט דאָ יאָ געקענט, איז פּראָפּאנירן און פאלסיפיצירן, ווען מע האָט זיך גענומען שלייערן מיט מארקסיזם „לויטן גייסט פון דער צייט".

> „אין דער לינגוויסטיק זיינען ניטאָ קיין באהויפּטונגען, וואָס זאָלן ווידערשפּרעכן דעם מארקסיזם... אויך פאר א פאָרשטייער פון דער מארקסיסטישער וועלטאָנשויונג בלייבן אין דער פולער מאָס אָנעמבאר יענע רעזולטאטן, וואָס די לינגוויסטיק, אלס נאטור-היסטאָרישע וויסנשאפט, האָט דערוואָרבן... אירע דערוואָרבענע פאקטן בלייבן פאקטן אויך פארן מארקסיסט"[1].

א קאָנקרעטע איליוסטראציע דערצו איז פּאָליוואנאָווס רעאקציאָנערע זאמלונג, וואָס טראָגט דאפקע דעם נאָמען „פאר מארקסיסטישן שפּראכוויסן", דערשינען שוין אין 1931 יאָר, ווו איר טרעפט די זעלביקע בורזשואז־רעאקציאָנערע שטעלונג:

> „קיין מארקסיסטיש שפּראכוויסן איז ניטאָ, דער איינציקער פּרוכטבארער מעטאָד איז דער קאָמפּאראטיווער א. אז. וו."[2].

איז ניט וועגן פּאָליוואנאָוון און זיינגלייכן איז שייעך צו ריידן, ווען מע רעדט וועגן מארקסיסטישער קלאסיק, אָנגעווענדט צו לינגוויסטיק. אָבער אויך די מארקסיסטיש דענקענדיקע לינגוויסטן האָבן ביז ניט לאנג ניט געהאט קיין געהעריקע האסאָגע וועגן דעם אייגנטלעכן מעהוס און וועגן דעם פארנעם פון אָט דער ווערטפולסטער אויך פארן לינגוויסטישן געדאנק מארקסיסטישער גאָב.

די נייע לערע וועגן שפּראך, די יאפעטישע, האָט א צייט שוין, אין מעשעך פון דער רעוואָליוציע און פון איר אייגענער רעוואָליוציע צו א מאטעריאליסטישער לערע, געפירט איר גרויסע ארבעט באזייט פונעם מארקסיזם־לעניניזם. געוויסע פאָרשטייער פון דער יאפעטישער לערע האָבן געהאלטן, אז די יאפעטישע לערע איז, אייגנטלעך, דער מארקסיזם אין לינגוויסטיק; נאָכמער, דער יאפעטידאָלאָגישער מעטאָד דארף אפילע אָנגעווענדט ווערן אויך צו די אנדערע געזעלשאפטלעכע געביטן. אָט די איינשטעלונג ווערט איצט העפטיק באקעמפט מיצאד די יאפעטידאָלאָגן גופע.

די געוועזענע „שפּראכפּראָנטלערישע" גרופּירונג האָט באטאָנט די פּראָבלעם פון מארקסיסטישער קלאסיק פאר שפּראך און איר באטייט אלס אויסגאנג־פּונקט פאר דעם נייעם לינגוויסטישן געדאנק. איז מען דאָ אָבער געוועזן אומבאהאָלפן אופצוּוויקלען און צו קאָנקרעטיזירן אָט די גרויסע יערושע. מע האָט טיילמאָל אפילע גענומען מינערן איר גאָרן ווערט אויך פאר דער לינגוויסטיק:

> „ליידער דארף מען אנערקענען, אז אויב אין געביט פון עקאָנאָמיק, געשיכטע און פילאָסאָפיע זיינען די יעסוידעס פונעם מארקסיזם אין דער

[1]) Е. Поливанов. Ученые записки Ранион. Язык и литература, Т. III, 1929.
[2]) Е. Поливанов. За марксистское языкознание, 1931.

פולער מאָס אויסגעפורעמט געוואָרנ אינ די ווערק פונ מארקס, ענגעלס, פּלע־כאנאָוו, לענינ א. א., האָבנ מיר אינ אזא וויסנשאפט־געביט, ווי לינגוויסטיק, בלויז ארויסזאָגונגענ פונ אלגעמיינעמ כאראקטער (דעמ אור־טערס אונטערשטרײַכונג—ע. ס.) בא באזונדערע טעאָרעטיקער פונעמ מארקסיזמ־לעניניזמ" [1].

ס'ווערט דאָ פארשטעלט די ריכטיקע פּערספּעקטיוו פאר דער איינהײַטלעכער מארקסיסטיש־לענינישער מעטאָדאָלאָגיע, וואָס איז צו שפּראך פּונקט אזוי שײַעך, ווי צו „עקאָנאָמיק, געשיכטע אונ פילאָסאָפיע". ס'איז דאָ ביקלאָל געמינערט די קאָנקרעטע מארקסיסטישע גאָב—די דירעקטע גרונטלייגנדיקע ארויסזאָגונגענ,— די קלאסיקער פונעמ מארקסיזמ האָבנ זיכ מיט שפּראך היפּש אונ געטרײַ פארנומענ אונ אויכ אפ קאָנקרעטנ שפּראך־מאטעריאל געוויזנ דעמ וועג צו דער מארקסיסטישער לינגוויסטיק.

## III

די קלאסיקער פונ מארקסיזמ האָבנ אלעמאָל געהאט דעמ טיפסטנ אינטערעס צו שפּראך, אלס קאָמפּאָנענט פונ דערקענטעניש, אלס מעכטיק געווער אינ זייער רעוואָליוציאָנערער טעאָריע אונ פּראקטיק.

וועגנ צענדליקער איבערגעזעענע אונ דורכגעארבעטע לינגוויסטישע ווערק אינ פארשיידענע שפּראכנ לייענט איר בא מארקסנ, בא ענגעלסנ. מיר טרעפנ עס אינ זייערע גרונט־ווערק, מיר האָבנ עס היפּש אונ ספּעציעל אינ זייערע בריוו, וואָס האָבנ אזא אומגעהייערנ ווערט צו דערלערנענ די טעאָריע אונ פּראקטיק פונ דעמ פּראָלעטארישנ קאמפּ. מארקס טוט עס באשיידנ, אָבער אינ עצעמ מיטנ טיפסטנ וויסנ די זאכ.

„... זייער א נעבעכדיק בוך אייכהאָפס... [2]. כוצנ גראמאטישנ טייל, וואָס וועגנ דעמ קענ איכ ניט מישפּעטנ (האגאמ ס'קומט בא מיר אויס מאָדנע, וואָס די ליטווינער אונ לעטנ ווערנ דערקלערט פאר סלאווער, איז עס דענ ניט קיינ אומזינ?), איז דאָס איבעריקע מיינסטנס א פּלאגיאט פונ שאפאריקנ..." [3].

„... דאָבראָווסקיס [4] „Slavin", האנקעס אויסגאבע, אנטשפּרעכט קלאל ניט די דערווארטונגענ, וואָס דאָס קעפּל רופט ארויס. דאָס בוך צעפאלט זיכ אפ צוויי טיילנ, אויב ניט לויטנ סיידער פונ מאטעריאל, איז לויטנ אינהאלט, אונ נעמלעכ: קלענערע ארטיקלענ וועגנ סלאווישע שפּראכטיפּנ, וואָס נאָכ די נײַסטע אויספאָרשונגענ האָבנ זיי אינ בעסטנ פאל אנ אנטיקווארישנ אינטערעס (אשטייגער, א פראגמענט פונ א נײַעמ טעסטאמענט בא די ווענדנ, סלאָוועניש דעקלינאציע, וועגנ דער סלאָווענישער איבערזעצונג פונ אלטנ טעסטא־

[1]) Г. Данилов. Краткий очерк истории науки о языке. М. 1931, 20.

[2]) אייכהאָפ—פראנצויזישער פילאָלאָג (1799—1875). ס'גייט די רייד וועגנ זײַנ בוך: „Histoire de la langue et literature des Slaves" פאריז, 1839.

[3]) שאפאריק—טשעכישער היסטאָריקער אונ פילאָלאָג (1795—1861).
פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ, 5־טנ מארט 1856.
К. Маркс. и Ф. Энгельс. Соч. т. XXII, 122.

[4]) דאָבראָווסקי (1753—1829)—סלאוויסט.

מענט א. אז. וו.)... אין פראגעס פון שפראכוויסנ ציטירט ער אגעוו שלעצערס[1] „פראָיעקט פון אלגעמיינעם פארגלײַכיקנ סלאווישנ שפראכוויסנ און ווערטער־בוך". דערנאָך שלעצערס „פראָיעקט פון גאנצ ריכטיקנ און פינקטלעכנ איבער־געבנ רוסיש מיט לאטײַנישנ שריפט"...[2].

אומגעהייער גרויס אוןברייט זײַנענ ענגעלסעס פילאָלאָגישע אינטערעסנ. מארקס ווײַזט צו זיי ארויס א באזונדער אופמערקזאמקײַט און האָט זיי אלעמאָל איג אויג:

„... אלס אנ צויספאָרשער אינ געביט פונ פארגלײַכיקנ שפראכוויסנ וועסטו עפשער געפינענ פאר זיכ אינטערעסאנטע פאָרמעס אינעם פאָלגנדיקנ פראגמענט פונ איינ שאָטלענדישער כראָניק אינ אָנהייב פונעם 15־טנ י. ה."...

און מארקס ברענגט דעמ געגויעמ טעקסט פונ אָט דער כראָניק[3].

ענגעלס, אגעוו, ענטפערט דערויפ:

„אינעם אלט־שאָטלענדישנ פראגמענט האָט מיכ פונ פילאָלאָגישנ שטאנד־פונקט פארינטערעסירט בלויז די פאָרם „האָבנדיק" participii praesentis—havand[4].

די פארהאנענקײַט פונ אזא פאָרמ אינ דער כראָניק באווײַזט, אז די דאָזיקע פאָרמ האָט נאָכ עקזיסטירט אינ שאָטלאנד אָנהייב 15־טנ י. ה., ס'הייסט צו דער צײַט, ווענ זי איז שוינ אינ ענגלאנד לאנג פארשוווּנדנ"[5].

מארקס און ענגעלס האָבנ אויסגעצייכנט באהערשט אלע אייראָפּײַשע שפּראכנ, דערינ אויכ די סלאווישע (רוסיש האָט מארקס ספּעציעל דערלערנט באַם דורכאר־בעטנ די אגרארע פארהעלטענישנ אינ רוסלאנד). זיי האָבנ זיכ ערנסט פארנומענ מיט אלטע שפּראכנ. ענגעלס איז געווענ אנ עמעסער פּאָליגלאָט, קענענדיק פיל שפּראכנ און זייערע דיאַלעקטנ. דאָס דערלערנענ שפּראכנ איז געווענ ענג פארבונדנ מיט די רעוואָלוציאָנערע אופגאבעס. די פירער פונ פּראָלעטאריאט האָבנ טרײַ דערלערנט די שפּראכ, די געשיכטע, די ליטעראטור פונ פארשיידענע פעלקער, גרייטנ־דיק זיכ צו די קומענדיקע שלאכטנ אינ פארשיידענע לענדער. מארקס האָט ליב גע־האט צו איבערכאזערנ: „א פרעמדע שפּראכ איז א געווער אינ לעבנס־קאמפ" (לאפארג). ענגעלסנ האָט דאָס ברייטע קענענ שפּראכנ — העכער צוואנציק — שטארק געדינט אינ גענעראלנ ראט פונ אינטערנאציאָנאל. ענגעלסעס בריוו צו מארקסנ זײַ־נענ פול מיט די מיטיילונגענ וועגנ שפּראכ־דערלערנענ:

„איכ בינ אינגאנצנ פארזונקענ אינ אולפילע[6]; מע דארפ דאָכ ווענ עס איז ענדיקנ מיט דער פארשאָלטענער גאָטישער שפּראכ, וואָס איכ האָב זיכ ביז אהער מיט איר אגעוודיק פארנומענ. צו מײַנ וווּנדער איבערצײַג איכ זיכ, אז איכ וויים אסאכ מער, ווי איכ האָב געטראכט. אז איכ וועל באקומענ נאָכ א

---

1) שלעצער (1735—1809)—היסטאָריקער און פעדאגאָג.

2) פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ 12־טנ פעוור. 1856.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. XXII, 117—118.

3) פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ 1־טנ מארט 1869 יאָר.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIV, 166.

4) קעגנוווארט־פארטיציפּ.

5) פונ ענגעלסעס בריוו צו מארקסנ 3־טער מארט 1869. דאָרטנ, ז. 168.

6) אולפילע (וווּלפילע — 311—383) — וועסטגאָטישער אריאנישער ביסקופּ, דער אויסגעפינער פונעם גאָטישנ אלעפבייז. האָט איבערגעזעצט די ביבל אפ גאָטיש.

הילפּביכ, רעכנ איכ זיכ אינגאַנצנ ספּראַווענ דערמיט פּאַר צוויי וואָכנ. דאַנ וועל איכ אריבער צו אַלט־נאָרוועגיש אונ אנגלאָ־זאקסיש, וואָס כ'האָב זיי אויכ אַלעמאָל אפּ האלב באהערשט..." [1]).

„...די וואָכ האָב איכ זיכ מער אָדער ווייניקער גרינטלעכ פּאַרנומענ מיט האָלענדיש־פריזישע שפּראַכנ אונ האָב דאָרטנ געפונענ זייער אינטערעסאַנטע פילאָלאָגישע זאַכנ..." [2]).

בא די גרונטלייגער פונ מאַרקסיזמ איז אָט דער שפּראַכ־אינטערעס פאַרבונדנ מיט לעבעדיקע רעוואָליוציאָנערע באַדערפענישנ — ווענ ס'קומט אופּ סאָפּ 60־קער יאָרנ די שלעזוויג־גאָלשטינישע פראַגע, ווענ ס'פּלאַקערט אופּ די אירלענדישע פראַגע; דער שטרייט אפּ מיזרעכ שטויסט ענגעלסנ צו דערלערנענ די מיזרעכ־שפּראַכנ — „די פּערסישע שפּראַכ איז דאָכ פּאָשעט א קינדערשפּיל" (לעגאַבע דער אראַבישער), אונ ענגעלס האָפט זאָס צו באַהערשנ פאַר דריי וואָכנ א. אז. וו.

ווענג מאַרקס דערלערנענ רוסיש דערציילט לאַפאַרג: „... אז מאַרקס איז שוינ אַלט געווענ 50 יאָר האָט ער זיכ גענומענ אויסלערנענ רוסיש... ער האָט די שפּראַכ באַהערשט אינ א מינע זעקס כאַדאָשימ אַזוי, אז ער האָט געקענט מיט פאַרגעניגנ לייענענ די רוסישע פּאָעטנ אונ פּראָזאיקער, פונ וועלכע ער האָט באַזונדערס געשאַצט פּושקינענ, גאָגאָלנ אונ שטשעדרינענ. צו רוסיש האָט ער זיכ גענומענ, קעדיי האָבנ א מעגלעכקייט צו לייענענ די אָפיציעלע דאָקומענטנ, וואָס די רעגירונג האָט פאַרבאָטנ צו פאַרעפנטלעכנ מאַכמעס די גרויזאַמע דעמאַסקירונגענ, וואָס דאָרט איז געווענ. איבערגעגעבענע פריינט האָבנ זיי צוגעשטעלט מאַרקסנ..." [3]).

מאַרקס אינ ענגעלס זיינענ גאָר אָפט פאַרטאָנ אינ פּראָבלעמעס פונ לעקסיק, פונ באַגריפּ אונ וואָרט־באַצייכענונג, פונ וואָרט־גענעזיס אונ וואָרט־אָנווענד, וואָס ווייטער ריידנ מיר דערפונ ספּעציעל. אינ זייערע ווערק טרעפנ מיר היפּש סעמאַנטישע אונ עטימאָלאָגישע עקסקורסנ, אַלס איינע פונ די זיכערסטע פאַרופונגענ אינ אַלגעמיינע פּראָגעס צו דער געשיכטע פונ מאַטעריעלער קולטור, פונ דענקענ אונ פונ גאָרער מענטשלעכער דערקענטעניש.

אונ באַנאַנד מיט מאַרקס אונ ענגעלסעס טיפסטנ אינטערעס צו שפּראַכנ, מיט זייערע ערנסטע אונ גענויע סעמאַנטיש־עטימאָלאָגישע אויסקלאָרונגענ, — באַנאַנד דערמיט האָבנ מיר זייערע קאָנקרעטע אַרויסזאָגונגענ וועגנ שפּראַכ, וואָס באַרירנ אונ צייכענענ קלאָר אָנ די גרונטיקסטע פּראָבלעמעס פונ דענקענ אונ שפּראַכ־ספּעציפיק, אופקומ אונ אַנטוויקלונג פונ שפּראַכ, צווישנבאַציונג פונ באַזע אונ שפּראַכ־איבערגעבוי א. אז. וו. אָט די אַרויסזאָגונגענ — דאָס אייגנס פונ דער גאָרער מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע — ליגנ איצט אינ גרונט פונ דער נייער זיכבויענדיקער לינגוויסטיק.

---

[1]) פונ ענגעלסעס בריוו צו מאַרקסנ דעמ 4־טנ נאָיאַבער, 1859.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. XXII, 452.

[2]) פונ ענגעלסעס בריוו צו מאַרקסנ דעמ 23־טנ מאַרט, 1869.

К. Маркс и Ф. Энгельс, Соч. т. XXIV, 180—181.

[3]) Поль Лафарг. Воспоминания о Марксе.

К. Маркс. Избранные произведения т I. М. 1933, 62 — ציטירט לויט

מאַרקס און ענגעלס אין שפּראַכוויסנ — „יעדער פון זיי איז אפ זײַנ שטייגער געווען א מײַסטער פון שפּראַכ און יעדער א גענײַאַלער לינגוויסט" (פר. מערינג).

ווײַטער שטעלנ מיר זיכ אינ קורצנ אָפּ אפ די וויכטיקערע מאַרקס־ענגעלס־אַרויסזאָגונגען וועגנ שפּראַכ און אפ זייער אומגעהייערנ ווערט פאַר דער גאַנצער סיסטעמ פונ מאַרקסיסטישנ שפּראַכוויסנ.

## IV. באַוווסטזײַנ איז באַוווסטיקט זײַנ

צוערשט וועלנ מיר אינ קורצנ דערמאָנענ אייניקע אַלגעמיינע מאַרקסיסטישע באַהויפּטונגען וועגנ זײַנ און באַוווסטזײַנ, וואָס באַדינגענ די אייגנטלעכע שפּראַכ־האַנאַכעס און זײַנען מיט זיי ענג געבונדנ.

די שײַכעס צווישנ זײַנ און באַוווסטזײַנ איז פונ די צענטראַלסטע פּראָגעס אינ דער גאַנצער מאַרקסיסטישער דערקענטעניש.

דאָ גילט א קלאָרע און זיכערע האַנאַכע: צוערשט איז געווענ און איז די מאַטעריעלע טעטיקײַט, די פּראָדוצירישע מענטשלעכע פּראַקטיק לויט אירע פאַרשיידענע אַרויסווײַזונגען. אפ אָט דער באַזע ווערנ אופגעבויט די אַנדערע געשיכטלעכ־אופגעקומענע פאַרהעלטעניש, דעריבּ אויכ דאָס דענקען, די גאַנצע „גײַסטיקע" טעטיקײַט — „פאָרשטעלונגען, אָנשויונגען און באַגריפנ, מיט איינ וואָרט — באַוווסטזײַנ" [1]. אָט די „גײַסטיקע" פּראָדוקציע איז קיינמאָל ניט קיינ „פרײַע שאַפונג" פונעמ מענטשלעכנ סייכל, פונעמ „ריינעמ" דענקען, נאָר זי האָט אַלעמאָל אינ גרונט די מאַטעריעלע פּראָדוקציע, צוערשט די פּראָדוקציע פונ די עצעמ לעבנסמיטלענ — פונ עסנ, ווויינונג:

„באַוווסטזײַנ (das Bewusstsein) קענ קיינמאָל ניט זײַנ עפּעס אַנדערש ווי בלויז באַוווסטיקט זײַנ" (das bewusste Sein) [2].

און שײַעכ איז עס צו די סאַמע ווײַטסטע און אַבסטראַקטסטע אַרויסווײַזונגען פונעמ מענטשלעכנ דענקען:

„די ריינע מאַטעמאַטיק האָט צו טאָנ מיט רוימלעכע פאָרמעס און צאָליקע פאַרהעלטענישנ פונ דערווירקלעכער וועלט, ס'הייסט מיט זייער רעאַלנ אינהאַלט. דער פאַקט, וואָס אָט דער אינהאַלט קומט אַרויס אינ עקסט אַבסטראַקטער פאָרמ, קענ נאָר שוואַכ פאַרטושנ זײַנ אָפּשטאַם פונ דער אויסערלעכער וועלט..." [3].

דער וועג צו אָט די אָביעקטיוו־געגנשטאַנדלעכע, דיאַלעקטיש־אופגענומענע אַבסטראַקציעס (ניט פאָרמעל־לאָגישע אַנטיאָביעקטיווע סטאַמ־אַבסטראַקציעס), דער וועג צו די דיאַלעקטיש־אַבסטראַקטע דענק־קאַטעגאָריעס ציט זיכ דורכויס און אויסשליסלעכ פונ דער רעאַלער ווירקלעכער וועלט און פונ איר קאָנקרעטער אָפּבילדונג אינ

[1] „קאָמוניסטישער מאַניפעסט".

[2] К. Маркс. и Ф. Энгельс. Соч. т. IV, 1933, 16.

[3] Friedrich Engels. Herrn Eugen Dührings Umwälzung der Wissenschaft. Berlin. 1928.

דעמ מענטשלעכנ קאָפ. די אבסטראקציע גופע איז דאָ ניט קיינ אנדער זאכ, ווי די פילזייַטיקערע, העכערע פארקערפערונג פונ די פארבינדונגענ בא די רעאלע זאכנ אונ דערשייַנונגענ, אונ די אבסטראקציע ווערט ווידער אָנגעווענדט טאקע אינ דעמ זעלביקנ מענטשלעכנ מאטעריעלנ לעבנ־פראָצעס. אזוי איז עס פונ די אורערשטע דענקאבסטראקציעס אונ פונ זייער שפראכלעכנ אויסדרוק וועגנ מאָס אונ צאָל לויט די קאָנקרעטע אייגענע ענדגלידער (לויט דער צאָל שטיקלעכ אינ סטאדע, לויטנ ערד־פא־טייל אונ אנדערע פראָדוקציע־פארהעלטענישנ אפ געוויסער היסטאָרישער שטופע) ביז די טיפסטע אונ פאָרגעשריטנסטע דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישע אבסטראקציעס וועגנ „ארבעט“, „קאפיטאל“ אונ וועגנ באפרייַענ די וועלט פונ דער הערשאפט פונעמ קאפיטאל צו א נייַעמ קאָמוניטישנ זייַנ.

זייַנ אונ באוווסטזייַנ זייַנענ א דיאלעקטישע איינהייַט. ניט נאטור פאר זיכ אונ אויכ ניט מענטשלעכע נאטור פאר זיכ, ניט פראָדוצירי ש־מאטעריעל זייַנ אונ באוווסטזייַנ ווי באזונדער עקזיסטירנדיקע פראָצעסנ. גופע די קאטעגאָריעס פונ באוווסטזייַנ — די פונעמ רעאלנ לעבנ געבוירענע „געדאנקלעכע אָפבילדונגענ אינ אונדזער קאָפ, די באגריפנ“ אונ זייער שפראכלעכער אויסדרוק ווירקנ צוריק אפנ רעאלנ זייַנ. די צווישנווירקונג פונ זייַנ מיט באוווסטזייַנ אונ מיטנ שפראכלעכנ אויסדרוק דערפונ — דאָס שאפט די גאָרע אנטוויקלונג אינ דער לאנגער אונ רייַכער מענטשלעכער געשיכטע. די צווישנווירקונג איז דאָ זייער א קאָמפליצירטע אונ א פילארטיקע.

זייַנ אונ דער באגריפ דערפונ — דאָס איז א דיאלעקטישע איינהייַט, אָבער קלאָל ניט קיינ אידענטישקייַט. דענקענ אונ זייַנ זייַנענ נאָענט צווישנ זיכ אונ דערנעענטערט, זיי פאלנ אָבער קלאל ניט צונויפ. די גאָרע אנטוויקלונג פונעמ זייַנ פארפילפאכט, אזוי צו זאָגנ, יעטווידנ איינציקנ אונ איינהייַטלעכנ באגריפ אונ ד שפראכלעכע באצייכענונג זייַנע, וואָס איז אי די ווירקלעכקייַט, אי גאָר אנ אנדער ווירקלעכקייַט.

„...צי האָט דער פעאָדאליזמ דענ ווענ ס'ניט איז אנטשפראָכנ צו זייַנ באגריפ? אופגעקומענ אינ מייַרעוו־פראנקרייַכ, זיכ ווייַטער אנטוויקלט אינ נאָרמאניע דורכ די נאָרוועגער־באצווינגער, נאָכ ווייַטער פארפולקומט לויט פראנצויזישע נאָרמעס אינ ענגלאנד אונ אינ דאָרעמ־איטאליע, — האָט ער זיכ אלצ מער דערנעענטערט צו זייַנ באגריפ אינעמ עפעמערישנ יערושאָלאיִמישנ קיניגטומ, וואָס האָט נאָכ זיכ איבערגעלאָזט אינ די יערושאָלאיִמישע אסיזנ[1] דעמ קלאסישנ אויסדרוק פונ דער פעאָדאלער אָרדענונג...

די באגריפנ, וואָס הערשנ אינ דער נאטורוויסנשאפט... פאלנ אויכ ווייַט ניט אלעמאָל צונויפ מיט דער ווירקלעכקייַט... דער באגריפ „פיש“ נעמט ארייַנ דאָס לעבנ אינ וואסער אונ דאָס אָטעמענ מיט זשאברעס. וויאזוי וועט איר אריבערגייַנ פונ פיש צו אמפיביעס, ניט האָבנדיק צעבראָכנ אָט דעמ באגריפ? איז ער טאקע צעבראָכנ געוואָרנ. אונ מיר ווייסנ אזוינע פיש, וואָס דער לופטפענכער אינ זיי האָט זיכ ווייַטער אנטוויקלט אינ לונגענ, אונ זיי קענענ ארייַנאָטעמענ לופט... וויאזוי קענענ מיר אריבערגייַנ פונ רעפטיליעס, וואָס לייגנ

[1]) געריכט־געזעצנ. האָבנ געגאָלטנ אינ יערושאָלאיִמער קיניגטומ, ווענ די קרייצטרעגער האָבנ דאָרט אָרגאניזירט די אָנפירונג לויטנ שטייגער פונ די מעלוכעס פונ דער פעאָדאלער אייראָפע (1099) (ע. ס.).

אייער, צו מילכזויגערס, וואָס געבוירן לעבעדיקע קינדער, ניט ברענגענדיק איינעם פון די ביידע באַגריפן אין צוזאַמענשטויס מיט דער ווירקלעכקייט? איז צווישן די איינקאַנאַליקע (Monotrema) בא אונדז פאַראַן אַ גאַנצער אונטערקלאַס מילכזויגערס, וואָס לייגן אייער. אין 1843 האָב איך אין מאַנטשע־סטער געזען אייער פון אַ שנאָבלענט (Schnabel tier)[1] און אין מײַן פּאַריסע־נער באַגרענעצטקייט האָב איך אָפּגעכויזעקט פון דער נאַרישקייט, אַז מילכזויגערס קענען לייגן אייער, און איצט איז דאָס דערוויזן..."[2].

אַן ענלעכע אַרויסזאָגונג געפינען מיר אויך בא מאַרקסן. מאַרקס רעדט וועגן די געלט־נעמען, וואָס שיידן זיך אונטער נאָכאַנאַנד פון זייערע אורשפּרינגלעכע געוויכט־נעמען. מאַרקס ווײַזט דאָ אַ ריי היסטאָריש־אַנטשיידנדיקע סיבעס, וואָס האָבן געשאַפן און רעגולירט אַזאַ אָפּטיילן די געלט־נעמען פון די מעטאַל־געוויכטן פון זייערע געוויינלעכע געוויכט־נעמען און באַהויפּט:

„דער נאָמען פון דער זאַך איז פאַר איר נאַטור אַ גאַנץ אויסערלעכע דערשײַנונג. איך ווייס גאָרניט פונעם מענטשן, ווען איך ווייס נאָר, אַז ער הייסט יאַקאָוו. פּונקט אַזוי פאַרשווינדט אין די געלט־נעמען פונט, דאָלאַר, פראַנק, דוקאַט א. אז. וו. יעדער שפּור פון דער ווערט־פאַרהעלטעניש..."[3].

וואָס שייַעך צו זײַן און באַוווּסטזײַן, צו דער גאָרער געבונדנקייט, אָבער ניט־אידענטישקייט פון באַזע און איבערגעבײַ, מוז מען נאָך אָפּמערקן אַזאַ גרונט־האַנאָכע פון דער מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק. אין מאַטעריאַליסטיש־דיאַלעקטישן פאַרשטיין די געשיכטע און די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז דער עקאָנאָמישער מאָמענט דער באַשטימענדיקער, באַשטימענדיק איז ער אָבער אין לעצטן סאַכאַקל, און זײַענדיק דער גרונטיקסטער, איז ער נאָך קלאָר ניט דער איינציקער באַשטימענדיקער מאָמענט:

„... ס'וועט זיך עמעצן קוים אײַנגעבן, ער זאָל ניט ווערן לעכערלעך, צו דערקלערן עקאָנאָמיש די עקזיסטענץ פון יעטווידער קליינער דײַטשישער מעלוכע אין דער פאַרגאַנגענהײַט און אין דער קעגנוואַרט אָדער צו דערקלערן עקאָנאָמיש דעם אָפּשטאַם פון די אייבערדײַטשישע ענדערונגען אין די וואָקאַלן, וואָס צעטיילט דײַטשלאַנד (אין הינזיכט פון דיאַלעקט) אף צוויי העלפטן"[4].

דאָס לייקנט, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּ דעם גרונט — די עקאָנאָמיק — באַם געשיכטלעך־מאַטעריאַליסטישן דערקלערן פּראָצעסן, דערינען אויך שפּראַך־פּראָצעסן. אין אָט דעם וווּנדערלעך־דײַטלעכן בריוו באַטאָנט דאָך ענגעלס ניט איין מאָל, אַז בא דער

---

1) Утконос.

2) פון ענגעלסעס בריוו צו קאָנראַד שמידטן, 12־טן מאַרט, 1895 יאָר. ציטירט לויט אַדאָראַטסקיס און אודאַלצאָווס „היסטאָרישער מאַטעריאַליזם" (1931).

3) Karl Marx. Das Kapital I. Moskau. 1932, 106.

4) פון ענגעלסעס בריוו צו בלאָכן, 1890. ציטירט לויטן 1 ב. אויסגעוויילטע ווערק צו מאַרקס יאָר־צײַט (מאָסקווע, 1933).

גאָרער פּילאָרטיקער צווישנווירקונג „שלאָגט זיך סאָפּקאָלסאָפּ דורך א וועג די עקאָ־
נאָמישע באַוועגונג אַלס די נויטווענדיקע".

אונ דער הערשנדיקער באַוווסטזיין איז א פּראָדוקט פונ דעמ הערשנדיקנ רעאַלנ
זיינ. אינ דער קלאסנ־געזעלשאַפט הערשט דער באַוווסטזיין—פּאָליטיק, רעכט, אידייעס
אונ זייער שפּראַכלעכע אויספורעמונג — פונעמ הערשנדיקנ קלאס, וואָס פארקערפּערט
אונ פארפעסטיקט זיינ „גייסטיקע" הערשאַפט. זייער קאָמפּליצירט איז דאָ די דערוויי־
טערונג אָדער די דערנעענטערונג פונעמ באַוווסטזיינ צומ עמעס באַמ אָפּבילדנ דאָס
רעאַלע זיינ. דערגיינ צומ עמעס קענ מענ באַ דער דורכלויכטנדיקער שיינ פונעמ
מאַרקסיסטישנ אנאַליז לויט קאָנקרעטער פּראָדוצירישער אומגעבונג, לויט קאָנ־
קרעט־געשיכטלעכע קלאסנ־פארהעלטענישנ. דער הערשנדיקער קלאס (אונ די פּראָדו־
צירער פונ זיינ דענקענ) האָט אַלעמאָל דעמ דראַנג פאָרצושטעלנ זיינע אינטערעסנ
ווי די אינטערעסנ פונ דער גאַנצער געזעלשאַפט, צו באַטראַכטנ זיינע ספּעציעלע אינ־
טערעסנ ווי אַלגעמיינע אונ די אַלגעמיינע ווי די אינטערעסנ פונ דעמ הערשנדיקנ קלאס, צו
שאַפנ לויט זיינ אייגענער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט דענק־אַבסטראַקציעס אַלס
„אייביקע עמעסנ". אָבער

„... אפילע די סאַמע אַבסטראַקטע קאַטעגאָריעס, ניט געקוקט דערופּ, וואָס
טאַקע אַדאַנק דער אַבסטראַקטקייט האָבנ זיי די קראַפט פאַר אַלע עפּאָכעס,
זיינענ גופע אינ דער באַשטימטקייט פונ אָט דער אַבסטראַקציע ניט אינ קיינ
קלענערער מאָס א פּראָדוקט פונ היסטאָרישע באַדינגונגענ, אונ זיי פאַרמאָגנ
די פולע באַטייטיקייט בלויז פאַר אָט די באַדינגונגענ אונ צווישנ זיי "[1].

שייעך איז עס צו יעטווידער דענק־קאַטעגאָריע אינ פּאָליטישער עקאָנאָמיע אונ
עקאָנאָמישער פּאָליטיק („אַרבעט", „אַרבעטלוינ", „קאַפּיטאַל", „סכוירע", „ווערט",
„פּראָלעטאַריאַט", „בורזשואַזיע", „קליינבירגערטומ"), פילאָסאָפיע („דיאַלעקטיק", „מאַטע־
ריאַליזמ", „אידעאַליזמ") א.אז.וו. אונ מעמיילע אויך צו דער שפּראַכלעכער פאַרקערפּערונג
פונ אָט די אַבסטראַקציעס. דאָס זעלבע—אינ שפּראַכ־טעאָריע אונ אינ שפּראַכ־פּאָליטיק
(„שפּראַכ־ספּעציפיק", „דיאַלעקט", „נאַציאָנאַלע שפּראַכ", „פאָלק־שפּראַכ" „ליטעראַרישע
שפּראַכ", „מעלוכע־שפּראַכ", „שפּראַכ־ריינקייט" א.א.).

א גרעסערע דערנעענטערונג צומ עמעס פונעמ רעאַלנ לעבנ קענ געמאָלט זיינ אַפּ
א געוויסער שטופע אינעמ באַוווסטזיינ פונ א רעוואָליוציאָנערנ קלאס, ווען עס אינ־
טערעס ס'איז

„צוערשט ווירקלעכ נאָכ מערער פאַרבונדנ מיט די אַלגעמיינע אינטערעסנ
פונ די אַלע איבעריקע ניט־הערשנדיקע קלאסנ, וואָס זיינ אינטערעס האָט נאָכ
אונטערנ דרוק פונ די פאַריקע פאַרהעלטענישנ ניט געקענט זיכ אַנטוויקלענ ווי
א באַזונדער אינטערעס פונ א באַזונדערנ קלאס... יעדער נייער קלאס שטעלט
דעריבער איינ זיינ הערשאַפט בלויז אַפּ א ברייטערער באַזע, איידער די באַזע,
וואָס אַפּ איר האָט זיכ געהאַלטנ דער קלאס, וועלכער האָט ביז אימ געהערשט.
דערנאָכ אָבער אַנטוויקלענ זיכ נאָכ שאַרפער אונ נאָכ טיפער די ווידערשפּרוכנ
צווישנ די ניט־הערשנדיקע קלאסנ מיט דעמ הערשנדיקנ קלאס"[2].

[1]) Karl Marx. Zur Kritik der politischen Ökonomie, Berlin. 1924.

[2]) К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения, т. IV. Нем. идеология. 1933, 39.

דאָס אָביעקטיוו ריכטיקסטע דערקלערנ די רעאלע וועלט מיט דעם צוועק זי איבערצומאכנ פאר אלע און אלעמענ קאָנ געמאָלט זייַנ נאָר באם פּראָגרעשריטנסטנ און ביזנ סאָפ רעוואָליוציאָנערנ קלאס, באם פּראָלעטאריאט. דער פּראָלעטאריאט לייקנט אינ „אייביקע עמעסנ", וואָס זייַנעג קיינ אנדער זאכ ניט ווי קלאסנ־עמעסנ אינ דער קאָנקרעטער היסטאָרישער עפּאָכע (מיט דער מאָס אָביעקטיווקייַט, וואָס דער געגעבענער קלאס פארמאָגט לויט זייַנ לאגע אינ דער געזעלשאפט). דער פּראָלעטאריאט האָט אָבער דעמ אופריכטיקסטנ דראנג צומ גאָרנ און דורכויס אלגעמייַנעמ אלמענטשלעכנ עמעס, ווייַל ער שטרעבט ביקלאל צו אָפּשאפנ די הערשאפט פון די קלאסנ, אופצובויענ די אָנקלאסעווע געזעלשאפט.

באוווסטזייַנ איז אלעמאָל באוווסטיקט זייַנ. און וויכטיק איז עס נאָכצושפּירנ אפ דעמ „גרונט־עלעמענט" פונעמ באוווסטזייַנ (דענקענ) — אפ דער שפּראכ. ברענגט עס אונדז דירעקט צו די אייגנטלעכ־שפּראכלעכע האנאָכעס בא די גרונטלייגער פונעמ מארקסיזמ.

## V. שפּראכ איז רעאלער פּראקטישער באוווסטזייַנ

וואָס איז אזוינס שפּראכ אינ דער גאָרער סיסטעמ פון דערקענטעניש? אינ וואָס באשטייט איר ספּעציפיק?

אינ פארשיידענער צייַט האָבנ זיכ דערמיט אפ פארשיידנערליי אופאנימ פארנומענ סייַ לינגוויסטנ, סייַ ניט־לינגוויסטנ. מיר האָבנ דאָ געהאט קאָלערליי אידעאליסטישע און וווּלגאר־מאטעריאליסטישע טעאָריעס. אומזיסט אָבער וואָלטנ מיר דאָ געזוכט א קאָנקרעטע דעפיניציע וועגנ דער געזעלשאפטלעכער ספּעציפיק פון שפּראכ.

נעמענ מיר, אשטייגער, די נאטורוויסנשאפטלעכע קאָנצעפּציע לויט אירע פארשיידנערליי ארויסווייַזונגענ. שוינ דער גרונטלייגער פון קאָמפּאראטיוויזמ, באָפּ, שטרעבט

> „צו שאפנ די אנאטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון דער שפּראכ, די לערע וועגנ איר אָרגאניזמ און מעכאניזמ" [1]).

אָט דער לינגוויסטישער נאטוראליזמ ווערט וואָס ווייַטער פארברייטערט און באקומט זייַנ שארפנ אויסדרוק בא שלייכערנ מיט זייַנ דארוויניסטישער שטעלונג צו שפּראכ און שפּראכ־קלאסיפיקאציעס. די אנטוויקלונג פון שפּראכ איז, הייסט עס, אינ גרונט געגליכנ צו דער אנטוויקלונג און געזעצמעסיקייַט אינ באָטאניק, אינ זאָאָלאָגיע, ביקלאל צומ אופקום פון מינימ און ארטנ אינ דער וועלט פון באלעבאימ און געוויקסנ. דער דיווייזיר־פּרינציפּ זייַנעג דאָ די קלאנגענ־געזעצנ, דער גענוס (מינ) איז דאָ שפּראכ־פאמיליעס, ארט און אונטער־ארט — די שפּראכ מיט אירע דיאלעקטנ און ריידענישנ. אויכ צווישנ שפּראכנ לעבנ אויס, לויט שלייכערנ, די שטארקערע און ס'קומענ אומ די שוואכערע אינ קאמפּ פאר עקזיסטענצ. די שפּראכ ווערט דאָ אָפּגעריסנ פון גאָרנ געזעלשאפטלעכנ באזיס.

אינ אזא מינ אידענטיפיצירנ א געזעלשאפטלעכע קאטעגאָריע מיט נאטור־דערשייַנונגענ האָט אלעמאָל געשטעקט א קלאָרער בורזשואז־רעאקציאָנערער טאָכ. און

[1]) Fr. Bopp. Vergleichende Grammatik, 1833.

געגאנגענ איז דאָ אָט אינ וואָס: 1) ניט מיר קענענ עפּעס בײַטנ. אינ שפּראַכ אונ שפּראַכנ, ווי מיר קענענ, הייסט עס, קיינ זאַכ ניט ענדערנ אינעם בוי פונ מענטשלעכנ קערפּער, 2) אויכ אינ שפּראַכנ גילט דער קאַמפּ פאַר עקזיסטענצ, וואָס ברענגט צום „נאַטירלעכנ אָפּקלײַבנ" די שטאַרקערע, קולטורעלערע שפּראַכנ פונ די איידעלערע, הייסט עס, ציוויליזירטערע פעלקער.

דער לינגוויסטישער נאַטוראַליזמ האָט מעשעכ דעמ 19־טנ יאָרהונדערט געהאַט אַפּ זיכ פאַרשיידענע הויטנ — פונ שלייכערס עקסטנ נאַטוראַליזמ ביז מאַקס מילערנ, וואָס האָט אַפּילע באַהויפּט, אַז

„צווישנ די נאַטורוויסנשאַפטנ איז קיינ איינע ניט אַזוי ענג פאַרבונדנ מיט דער געשיכטע פונ מענטשנ, ווי די שפּראַכוויסנשאַפט" [1].

ער בלײַבט אָבער אַלצ בא דער נאַטוראַליסטישער פּראַזעאָלאָגיע וועגנ „קאַמפּ פאַר עקזיסטענצ" אונ „נאַטירלעכנ אָפּקלײַב" פונ וואָרטשטאַמפּ אונ דערהויפּט — וועגנ דער אומעגלעכקײַט צו ענדערנ עפּעס וואָס אינ דער נאַטור־געזעצמעסיקער שפּראַכ־אַנטוויקלונג.

אינ פאַרשיידענע פּעריאָדנ אונ ביז אונדזער צײַט איז די נאַטוראַליסטיש־ביאָלאָגיסטישע קאָנצעפּציע גוט צונוצ געקומענ דער בורזשואַזיע אַפּ אירע פּראַקטישע שטאַפּנ אונ אַפּ דער העכערער אימפּעריאַליסטישער פּאַזע.

דער לינגוויסטישער נאַטוראַליזמ איז געגאַנגענ פונ נאַטור־עוואָליוציאָניזמ, וואָס איז אייגנ געווענ דעמ בורזשואַ־פילאָסאָפישנ געדאַנק פונ יענער צײַט. לעהייפּעכ צו דער מעטאַפיזישער, פּעאָדאַלער אָנשויונג וועגנ פּאָרויסגרייטער, פּאַרטיק־פּאַרענדיקטער גאָרוועלט אונ אַלצ, וואָס אַפּ איר, זײַנענ די פּראָגרעסיווע פאַר יענער צײַט נאַטור־עוואָליוציאָניסטישע טענדענצנ כאַראַקטעריסטיש געווענ פאַרנ זיכבאַפעסטיקנדיקנ בורזשואַזנ קלאַס. די בורזשואַזיע איז פאַרינטערעסירט געווענ אינ דער אַנטוויקלונג פונ די פּראָדוקטיווע קרעפטנ אונ איז אַפּ איר שטייגער קעגנעריש געווענ צום געטלעכ־פרומענ גלייבנ אַפּנ וואָרט, צום דאָגמאַטיזמ פונ דער מיטאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק. פאַרנ לינגוויסטישנ נאַטוראַליזמ איז אָבער, ווי געזאָגט, טיפּיש געווענ דאָס מעכאַנישע אַריבערטראָגנ דעמ נאַטור־עוואָליוציאָניזמ אַפּנ געזעלשאַפטלעכנ פּראָצעס, דערינ אויכ אַפּ שפּראַכ־ספּעציפיק אונ לינגוויסטיק, וואָס ווײַזט דעמ קלאַסנ־טאָכ פונ בורזשואַזנ געדאַנק אינ געביט פונ געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונגענ אונ סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָצעסנ.

די אַנטוויקלונג פונ פאַרגלײַכיקנ שפּראַכוויסנ אינ דײַטשלאַנד (דאָס וויגעלע פונ אינדאָ־אייראָפּייזמ) איז ווידער געגאַנגענ אונטערנ צייכנ פונ אידעאַליזמ אינ גײַסט פונ דער קלאַסישער דײַטשישער פילאָסאָפיע לויט אירע פאַרשיידענע אַרויסווײַזונגענ (אָנהייב 19־טנ י. ה. איז דײַטשלאַנד ביקלאַל דער צענטער פונ פילאָסאָפישנ געדאַנק). אויב די אידעאָלאָגיע פונ דער פראַנצויזישער (אונ ענגלישער) רעוואָליוציאָנערער בורזשואַזיע, ווו ס'איז געוואַקסנ די קאַפּיטאַליסטישע גרויס־אינדוסטריע, איז געווענ דער פילאָסאָפישער מאַטעריאַליזמ, איז די אַנטוויקלונג פונ בורזשואַזנ געדאַנק אינ דײַטשלאַנד געגאַנגענ אינ דער ריכטונג פונ פילאָסאָפישנ אידעאַליזמ. מיטגעווירקט דערצו האָט די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע אָפּגעשטאַנענקײַט, די טעריטאָריאַלע צע־

[1]) М. Мюлер. Лекции по науке о языке, 1868.

דריבלטקייט, דער גאָרער קליינבירגערלעכער כאראקטער פונעם דעמלטיקן דייטש־לאנד. די דייטשישע בורזשואזיע האָט זיך אי געצויגן צו רעוואָליוציע, אי זי איז אָנמעכטיק געווען צו רעוואָליוציאָנערן טאט, און פאקטיש האָט זי שאָלעם געמאכט מיט פעאָדאלע איבערלעבסן און פארהעלטעניש. דער רעוואָליוציאָנערער דראנג פון דער דייטשישער בורזשואזיע האָט זיך איבערגעבראָכן אין איר „גייסטיק־פארנונפטיקן" אינטערפרעטירן דיווירקלעכקייט. איר אידעאליסטישער־פילאָסאָפישער שווונג האָט ברייט פארכאפט די טיפסטע פראָבלעמעס פון אנטוויקלונג און צווישנווירקונג אין אונדזער גאָרער דערקענטעניש, נאָר באזירט האָט זיך עס אפ דער זעלבסטאנטוויקלונג פון באגריפ, אפ פארנונפט און אידיי,—אפ די אנטפלעקונגען פון „ריינעם גייסט". פראָגרעסיוו אין איר פאנאנדערארבעטן די אנטוויקלונג־קאָנצעפציע—ביז איר העכסטן אויסדרוק אין דער העגעלשער אידעאליסטישער דיאלעקטיק,—האָט אָט די אידעאליסטישע איינשטעלונג געקענט לאָזן צו זיין גאנץ פרידלעך־קאָמפראָמיסלעך און פיליסטעריש־קאָנסערוואטיוו דירעקט אין דער ווירקלעכקייט, אין רעאלן פאָליטישן, אין פראקטיש־געזעלשאפטלעכן לעבן, צו בארעכטיקן, אייגנטלעך, די „פארנונפטיקע" עקזיסטירנדיקע ווירקלעכקייט.

די אידעאליסטישע פילאָסאָפיע האָט, געוויינלעך, זיך אָפגערופן אויך אין בורזשואזן שפראכוויסן. מע נעמט דאָ באטאָנען דאָס „גייסטיקע" און פסיכאָלאָגישע אין שפראך־פראָצעס. די האנאָכע וועגן שפראך אלס „טעטיקייט פון גייסט" האָבן מיר נאָך בא הומבאָלדטן. די פארשיידנערליי סוביעקטיוו־אידעאליסטישע און פסיכאָלאָגיסטישע ריכטונגען הייבן אלץ מערער און מערער ארויס דעם שפראך־מעהוס אלס „טעטיקייט פון גייסט" צו דער מאדרייגע פון „פאָלקס־גייסט", „גייסט פון נאציע" ביז צו דער פאָטלערישער ניי־פילאָלאָגיע, ווו די לינגוויסטיק איז א „גייסט־וויסנשאפט".

איז וואָס־זשע האָבן מיר וועגן שפראך־ספּעציפּיק בא מארקסן און ענגעלסן? אָנשטאָט דעם אידעאליסטישן און וווּלגאר־מאטעריאליסטישן עוואָליוציאָניזם האָבן מיר דאָ די קלאָרע און שארפע דיאלעקטיש־מאטעריאליסטישע קאָנצעפציע.

ספּעציעל וועגן שפראך־ספּעציפּיק האָבן די גרונטלייגער פון מארקסיזם געוויזן, אז שפראך איז רעאלער פראקטישער באוווסטזיין.

שפראך איז דער מאטעריאליזירטער גרונט־עלעמענט פון באוווסטזיין, פון דענקען. מארקס און ענגעלס שטרייכן אין פיל ערטער אונטער אָט די גאָרע דורכויסיקע געבונדנקייט פון שפראך און דענקען, וואָס ביידע קומען זיי און ווערן „אופגעבויט" איבער דער מענטשלעכער פראָדוקציע־טעטיקייט און לויט די קלאסן־פארהעלטעשן, וואָס קומען אופ אפ איר באָדן. שפראך און דענקען זיינען א דיאלעקטישע איינהייט פון קעגנזאצן. דער באוווסטזיין איז ניט קיין „ריינער" באוווסטזיין, ער ווערט קלאנגלעך און גראפיש מאטעריאליזירט אין דער שפראך. שפראך איז ניט נאָר דער אויסדרוק פון דענקען, נאָר שפראך ווירקט צוריק אפן דענקען. שפראך קען מיטווירקן דער אנטוויקלונג פון דענק־פראָצעס און קען פארהאלטן אָט די אנטוויקלונג, ווי דער דענק־פראָצעס גופע ווירקט ביקלאל אפן עקאָנאָמישן גרונט, קען אים ענדערן און ענדערט אים. עס ווענדט זיך אין די קאָנקרעטע פראָדוצירער פון דענקען, וואָס זייער שפראך און שפראך־פּאָליטיק איז באדינגט פון די באשטימטע היסטאָרישע קלאסן־פארהעלטענישן.

אונדזער אידעאָלאָגישע „גײַסטיקע" טעטיקײַט איז „באַלאַסטיקט" מיט מאַטעריע. ביז צו שפּראַך איז, ווי געזאָגט, שײַעך אָט די מאַטעריאַליזירונג, ווי זי איז שײַעך צו „געדאַנק, באַוווּסטזײַן, אַלס דער העכסטער פּראָדוקט פון דער אַפּ אַ געוויסן אויפן אָרגאַניזירטער מאַטעריע" [1]). שפּראַך קומט פאַרקערפּערט אין מימיש־זשעסטיקולירנדיקע, אין האַנטיקע אַרויסווײַזונגען, דערהויפּט אָפּ אורערשטע פּרימיטיווע סטאַדיעס פון מענטשלעכן זײַן. שפּראַך איז געפורעמט אין קלאַנג, וואָס איז זיכבאַוועגנדיקער לופטשטראָם. אָבער ניט דאָס קינעטישע אין די פאַרשיידנערליי אַרויסווײַזונגען, ניט דאָס לופט־קלאַנגלעכע שאַפט נאָך ניט די ספּעציפיק פון שפּראַך. אָט פונקט ווי דאָס דענקען גופא, אַלס העכסטער פּראָדוקט אָרגאַניזירטע מאַטעריע, לאָזט זיך ניט צוריקפירן צו קיין כימיש־מאָלעקולאַרע פּראָצעסן:

„מיר וועלן וועגן עס איז רעדוצירן אַפּ אַן עקספּערימענטאַלן אויפן דאָס דענקען צו מאָלעקולאַרע און כימישע באַוועגונגען אין מויעך, נאָר צי לאָזט זיך דערמיט אויס דאָס עצם דענקען? [2]).

רייד, שפּראַך, דיפוזע און דיפערענצירטע באַטײַטלעכע קלאַנגלעכקײַט איז פאַר אַלעמען אַ פּראָדוקט פון דעם מענטשנס באַוווּסטיקטער פּראַקטיש־רעאַלער, געזעלשאַפטלעך־פּראָדוצירישער טעטיקײַט, מעג עס נאָך זײַן אפילו די גאָר ערשטיקע קינעטישע אָנשטרענגונגען צי די אָנפאַנגלעכע מאָדוליאַציעס פונעם רייד־אַפּאַראַט.

שפּראַך איז „זינלעכע נאַטור". ס׳איז געזעלשאַפטלעכע זינלעכקײַט, ווו דעם מענטשנס „אייגענע זינלעכקײַט עקזיסטירט פאַר אים אַלץ מענטשלעכע זינלעכקײַט, בלויז דורכן אַנדערן מענטשן" [3]). אין דער מענטשלעכער שפּראַך, ווי אין מענטשלעכן דענקען, איז

„דער וועזנטלעכסטער און ערשטער גרונט גראָד דעם מענטשנס ענדערן די נאַטור, און ניט אַליין די נאַטור אַלס אַזאַ" [4]).

אין שפּראַך „קומט צום אויסדרוק דאָס לעבן פון געדאַנק", אָבער דער שפּראַכלעכער אויסדרוק איז ניט די אָפּשפּיגלונג פון וואָסער ס׳איז „ריינער" געדאַנקלעכקײַט. ווי דער געדאַנק גופא איז עס די אָפּבילדונג פון דער גאָרער זינלעך־מענטשלעכער פּראָדוצירישער טעטיקײַט זינט „ס׳ווײַזט זיך די באַדערפעניש צו זאָגן עפּעס איינער דעם אַנדערן" ביז די אַנטוויקלסטע פאָרמעס פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף און פון דערהויבנסטער מאַרקסיסטישער דערקענטעניש.

שפּראַך איז רעאַלער פּראַקטישער באַוווּסטזײַן.

## VI. שפּראַך איז אַ געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקט און אַ געווער אין קלאַסנקאַמף

אַלס פּראַקטישער רעאַלער באַוווּסטזײַן איז שפּראַך דורכויס אַ דערשײַנונג פון סוויווע, פון קאָלעקטיוו, פון מענטשלעכן באַנאַנדזײַן און צוזאַמענרעדן. שפּראַך קען

---

1) Ленин. Материализм и эмпириокритицизм.

2) Friedrich Engels. Naturdialektik (ארכיוו־באַנד II).

3) Архив К. Маркса и Ф. Энгельса. кн. III. Подготовит. роботы для „Святого семейства". 258.

4) Fr. Engels. Naturdialektik (ארכיוו־באַנד II).

אופקומענ אונ זיכ אנטוויקלענ בלויז אונ דורכויס אינ דער פּראָדוצירישער מענטשלעכער געזעלשאפט:

„שפּראכ איז דער ווירקלעכער פּראקטישער באוווסטזיינ, וואָס עקזיסטירט אויכ פאר אנדערע מענטשנ אונ בלויז דערמיט גופא עקזיסטירט ער אויכ פאר מיר״.

אונ פּונקט „ווי דער באוווסטזיינ קומט די שפּראכ אופ פונ דער באדערפעניש, פונ דער דרינגענדיקער נויט אינ א פארקער מיט די אנדערע מענטשנ״ 1).

לעגאבע דעמ געזעלשאפטלעכנ מעהוס פונ שפּראכ, ספּעציעל לעגאבע דער שייכעס צווישנ אינדיוויד אונ קאָלעקטיוו אינ שפּראכ־פּראָצעס האָבנ מיר פארשיידנערליי טעאָריעס אינ דער בורזשואזער אונ קליינבירגערלעכער לינגוויסטיק, טעאָריעס, וואָס ווידערשפּרעכנ אָפטמאָל איינע די אנדערע.

די פּאָסלערישע אידעאליסטישע נייַ־פילאָלאָגיע, אשטייגער, לייקנט אָפּ די רעאלקייַט פונ שפּראכ אויסער דעמ איינצלנעמ באזונדערנ אקט פונ דער אינדיווידועלער ארויסזאָגונג אונ שאפונג. דאָס פּאָרט זיכ דאָ, געוויינלעכ, מיט דער האנאָכע, אז לינגוויסטיק, ווי די וויסנשאפט ביקלאל, איז א „גייַסטוויסנשאפט״. דער גאָרער ניטגעגלידערטער שאפונג־אקט פונעמ יאָכיד לאָזט זיכ בלויז בעכוש, אינטויִטיוו צו דערקענענ, אונ לינגוויסטיק איז, אייגנטלעכ, א טייל פונ דער „גייַסט״־עסטעטיק. אינ געשיכטע פונ דער שפּראכ ווערט דאָ אלעמאָל ארויסגעשטעלט די העכערע שעפערישע פּערזענלעכקייַט מיט איר „נייַשאפונג״. די בידנע מאסע, נעבעכ, דארפ בלויז פּאַרטיקעראהייט פארדייענ אונ אנטוויקלענ, ס'הייסט שאבלאָניזירנ אָט די שעפערישע „דערהויבונג״ פונעמ אינדיווידועלנ גייַסט, פונ דער „אינדיווידועלער נעשאָמע״ (לויט דעמ אויסדרוק פונ די פריִערדיקע פּסיכאָלאָגיסטנ), וואָס אינ איר בלויז לעבט, אייגנטלעכ, דער „פאָלקס־גייַסט״. בא דער גאָרער גייַסטיקייַט אונ אינדיווידואליסטישקייַט מייַדט די נייַ־פילאָלאָגיע ניט אויס צו פארנעמענ זיכ אויכ מיט דעמ סאָציאלנ מאָמענט נאָר זייַטיק איז ער אונ אָפּגעריסנ אינ אָט דער עסטעטיש־אינדיווידואליסטישער קאָנצעפּציע.

די סאָסיוריאנישע סאָציאָלאָגישע שול שטעלט, פארקערט, ארויס דעמ פּרימאט פונ קאָלעקטיוו אינ דער גאָרער שפּראכ־טעטיקייַט. דער אינדיוויד, וואָס באקומט לויט טראדיציע די שפּראכ פונ קאָלעקטיוו, בלייַבט אינערט, פּאסיוו. אינ דער סאָסיוריאנישער שפּראכ־סכעמע האָבנ מיר אזא צווייערלייִקע קעגנשטעלונג: פונ איינ זייַט, די טראדיציאָנעלע שפּראכ פונ קאָלעקטיוו, וואָס גילט נאָרמאטיוו אויכ פארנ אינדיוויד (Langue) אונ דערמיט פארנעמט זיכ די לינגוויסטיק, אונ פונ דער אנדערער זייַט — דער אינדיווידועלער רייד־פּראָצעס (Parole).

ווי הויל אונ איזאָלירט פונ געזעלשאפטלעכנ באזיס ס'איז דער סאָסיוריאנישער סאָציאָלאָגיזמ, אזוי ארויסגעהוילט איז דאָ דער באגריפ „קאָלעקטיוו״ אונ די עצעמ שפּראכ, וואָס בלויז דער קאָלעקטיוו איז איר טראדיציאָנעלער פּראָדוצירער:

„פונ אלע סאָציאלע אייַנריכטונגענ גיט די שפּראכ דעמ קלענסטנ אָרט פאר איניציאטיוו. זי גיסט זיכ צונויפ מיטנ לעבנ פונ געזעלשאפטלעכנ קאָלעקטיוו, וואָס זייַענדיק לויט דער נאטור זייער אינערטיש, איז ער פאר אלעמענ א קאָנסערוואטיווער פאקטער פאר דער שפּראכ 2).

---

1) К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. IV. 1933. Нем. идеология, 20.

2) De Sausure. Cours de linguistique gęnerale (רוסישע אויסגאבע, 1933 י.).

בא סאָסיורנ אונ בא די פארשיידענע־מאָדיפיקאציעס פונ סאָציאָלאָגיזמ גייט די רייד וועגנ סטאמ־קאָלעקטיוו, ניט וועגנ דעמ קאָנקרעטנ קלאסנ־קאָלעקטיוו. ניט אופגעהויבנ אונ ניט געייניקט איז דאָ דער קעגנזאצ צווישנ דער אָביעקטיווער שפּראכ־סיסטעמ אונ דעמ סוביעקטיוונ רייד־אקט, צווישנ אינדיווידועלנ אונ קאָלעקטיוונ אינ שפּראכ. אונ די עצעמ „שפּראכ־טראדיציע", קומט אויס, דערלאָזט נימ קיינ רעוואָליוציע אינ שפּראכ, אויכ ניט קיינ רעאלע שפּראכ־פּאָליטיק, אונ דאָ גופע שטעקט שוינ א גענוג אויסגעשפּראָכענע שפּראכ־פּאָליטיק.

בא מארקסנ אונ בא ענגעלסענ האָבנ מיר אינ דעמ פּראט גרונטלייגיקע האנאָכעס. שפּראכ קענ ניט געמאָלט זײַנ אויסער „צוזאמענלעבנדיקע אונ צוזאמענרעדנדיקע אינדיווידנ" [1], ווי ס'קענ, אלס קלאל, ניט געמאָלט זײַנ קיינ פּראָדוקציע פונ „פאריינצלטע איינצלענ" [1] (א זעלטנהייט קענ דאָ זײַנ א פארוואָרפענער דורכ א צופאל אינ דער ווילדעניש, וואָס „דינאמיש פארמאָגט ער שוינ אינ זיכ גופע געזעלשאפטלעכע קרעפטנ") [1].

„באוווסטזײַנ איז פונ אָנהייב אָנ א געזעלשאפטלעכער פּראָדוקט" („דײַטשישע אידעאָלאָגיע"), איז אויכ שפּראכ א „געזעלשאפטלעכער פּראָדוקט",—מארקס ווענדט אָנ אָט די האנאָכע באמ דערקלערנ די קאטעגאָריע פונ ווערט.

„דאָס באשטימענ די געבּרויכזאכנ אלס ווערט איז א געזעלשאפטלעכער פּראָדוקט פונ די מענטשנ אזוי גוט ווי די שפּראכ" [2].

די זאכנ פונ דער מאטעריעלער פּראָדוקציע ווערנ פאר געבּרויכ אונ טויש. די שפּראכ איז, לויט אירע באצייכענונגענ אונ באטײַטנ, א ספּעציפישער פאר־קער־ווערט. אינ דער שפּראכ קומט צומ אויסדרוק די „פּראָדוקציע" פונ מענטשלעכנ דענקענ אפ דער באזע פונ דער מאטעריעלער פּראָדוקציע, פונ די פּראָדוצירישע באציונגענ צווישנ די מענטשנ, — „שפּראכ איז דאָס וויכטיקסטע מיטל פונ מענטשלעכנ פארקער" (לענינ).

די „צוזאמענלעבנדיקע אונ צוזאמענרעדנדיקע אינדיווידנ" לעבנ איצט ניט אנדערש ווי אינ דער קאָנקרעטער קלאסנ־געזעלשאפט. לויט די קאָנקרעטע פּראָדוקציע־פארהעלטענישנ דענקט אנדערש יעדער קלאס, בעמיילע קומט אויכ אנדערש צומ אויסדרוק דאָס לעבנ פונ געדאנק („אינ שפּראכ ווערט אויסגעדריקט דאָס לעבנ פונ געדאנק"). די גאָרע וועלט פונ באגריפנ דארפ אלעמאָל „סעמאנטיזירט" ווערנ אינ קאָנקרעטנ קלאסעווונ אָנווענד, אינ ר ע א ל־פּ ר א ק ט י ש ע ר (ש פּ ר א כ־ ל ע כ ע ר) פארקערפּערונג.

אינ דער „דײַטשישער אידעאָלאָגיע" באהויפּטנ מארקס אונ ענגעלס:

„...אפנ גרונט פונ זײַנ שפּראכ קענ דער בורזשוא לײַכט דערווײַזנ די אידענטישקײַט פונ מערקאנטילע אונ אינדיווידועלע אָדער אפילע אלמענטשלעכע פא־העלטענישנ, ווײַל אָט די שפּראכ גופע איז א פּראָדוקט פונ דער בורזשואזיע, אונ ווי אינ דער ווירקלעכקײַט אזוי אויכ אינ דער שפּראכ זײַנענ די קויפ־פארקויפ־פארהעלטענישנ געוואָרנ דער יעסאָד פונ אלע אנדערע פארהעלטענישנ.

[1] Karl Marx. Zur Kritik der politischen Ökonomie. (Berlin, 1924), Eeinleitung.
[2] Karl Marx. Das Kapital. Erster Band, Moscau, 1932, 79—80.

אשטייגער, propriété (אייגנטום און אייגנשאפט); property — אייגנטום און
אייגנארטיקייט; eigen (וואָס איז אייגנטימלעכ, ספּעציפֿיש) אינ מערקאנטילנ און
אינדיווידועלנ זינענ; valeur, value, Wert (ווערט, ווערדע); commerce, Verkehr,
(פארקער, האנדל); échange, exchange, Austausch (אויסטויש, בייט) א. אז. וו. —
די דאָזיקע אלע ווערטער פארצייכענענ סיי האנדל-באציִונגענ, סיי די אייגנשאפט
און פארהעלטענישנ צווישנ די אינדיווידנ אלס אזעלכע. אינ די אנדערע נייע
שפּראכנ איז פּונקט דאָס אייגענע...״ [1]).
אפּ אנ אנדער אָרט רעדט ענגעלס אזוי וועגנ דער שפּראכ פונ דער ענגלישער
בורזשואזיִע:
„...די שענדלעכע קנעכטשאפט, וואָס דערינ האלט דאָס געלט דעם בורזשוא,
האָט מאכמעס דער הערשאפט פונ דער בורזשואזיִע ארופגעלייגט איר שטעמפּל
אפילע אפּ דער שפּראכ. געלט באשטימט די ווערט פונ א מענטשנ: ד׳ער דאָזי־
קער מענטש אָט די ווערט צענ טויזנט פונט סטערלינג (he is worth ten thousand
pounds), ט׳הייסט ער האָט אזויפיל געלט. ווער ס׳האָט געלט, דער איז „respectable
(„א בעקאָוועדיקער מענטש״), ער קער צום „בעסטנ סאָרט מענטשנ״ (the better
sort of people), „האָט א ווירקונג״ (influential) און מיט אלצ, וואָס ער טוט, שאפט
ער אנ עפּאָכע אינ זיינ קרייז. דער גייסט פונ הענדלעריי דרינגט דורכ די גאַנצע
שפּראכ, אלע באציִונגענ ווערנ אויסגעדריקט אינ האנדל־טערמינעס, אינ עקאָנאָ־
מישע באגריפנ. נאָכפרעג און אָנבאָט — Supply and demynd — אזא איז די פאָרמול,
וואָס דעם ענגלענדערס לאָגיק לייגט דערינ ארייַנ דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבנ״ [2])
אזוי מערקנ אָפּ מארקס און ענגעלס אינ פארשיידענע ערטער די כאראקטעריס־
טישע באזונדערקייטנ פונ דער בורזשואזער און קלייַנבירגערלעכער שפּראכ, וואָס
פארקערפּערט די באגריפנ, געפילנ, איליוזיעס לויט די פארשיידענע פאָרמעס אייגנ־
טימערישע און פּראָדוציר־געזעלשאפטלעכע באציִונגענ.
די גרונטלייגער פונ מארקסיזמ לערנענ צו אונטערשיידנ דעמ טאָכ פונ דער
בורזשואזער און קלייַנבירגערלעכער שפּראכ, ווי זי קומט ארויס פונ מויל בא אירע
אויספּאָרמירער און וואָסערע ווירקלעכע אינטערעסנ זי שפּיגלט אָפּ אינ־ערעמעסנ.
ווייל זי איז צווייִעסדיק־„הומאניש״ און ביז גאָר איידל־געשלייערט אָט די בור־
זשואזע שפּראכ בא דעמ גאָרנ ציניזמ פונ דער בורזשואז־עקספּלואטאטערישער פּראקטיק:
„די פראנצויזישע שרייבער, ווי אשטייגער, דראָז, בלאנקי, ראָסי א. א. פאר
שאפנ זיכ אומשולדיקנ פארגעניגנ מיט דערווייַזנ זייער פאָרצוג לעגאבע די ענ־
גלישע עקאָנאָמיסטנ דורכ אָפּהיטנ די העפלעכקייט פונ דער „הומאנישער״ שפּראכ.
אויב אָבער זיי ווארפנ אופ שפּראכ־ציניזמ ריקארדאָנ [3]) און זיינ שול, טוענ זיי דאָס
בלויז דערפאר, ווייל ס׳איז זיי אומאנגענעמ צו זענ ווי סע ווערנ אויסגעמאָלט
אינ זייער גאנצער הוילער נאקעטקייט די הייַנטיקע עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ
און דערמיט גופע ווערנ אנטבלויזט די יעסוידעס פונ דער בורזשואזיִע״ [4]).

[1]) К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. том IV, 1932, Нем. идеология, 210.
[2]) Фр. Энгельс. Положение рабочего класса в Англии.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. III, 544.
[3]) ריקאַרדאָ דאוויד (1772—1823) — דער גרעסטער בורזשואזער עקאָנאָמיסט אָנהייב 19־טנ י. ה., וואָס האָט געגעבנ א ברייטנ אנאליז די בורזשואזע פּראָדוציר־פארהעלטענישנ.
[4]) К. Маркс. Нищета философии, 1931.

איז עס דענ ניט קלאָר פאר אונדז אויכ אינ דער שפראכ פונ דער הייַנטצייַטיקער בורזשואזיִע אפ איר אימפעריִאליסטישנ עטאפ? מיט „מאָראלישער אנטוואָפענונג״, מיט „וועלנ ראטעווענ דעמ פארבאנד פונ אנארכיִע״ אונ „שאפנ זיכערקייַט אינ אייראָפע״ מיטנ אויסראָטנ די „באָלשעוויסטישע געפאר״, מיט „אייַנשטעלנ אָרדענונג אינ מייַרעוו־אוקראיִנע אונ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד״, מיט שיצנ די רויב־פאָליטיק פונעמ יאפאָנישנ אימפעריִאליזמ, וואָס איז, נעבעכ, „באפאלנ געוואָרנ״ אונ וואָס האָט קיינ אנדער ברײרע ניט ווי פארטיידיקנ זיכ פונ די כינעזישע „באנדיטנ״ אונ שיצנ „די אינטערעסנ פונ די יאפאָנישע בירגער אינ כינע״,—מיט אזוינע אונ אנדערע „לייַטישע״ הומאנישע שפראכ־פאָרמולעס מיינט דער אימפעריִאליזמ צו מאסקירנ פאר די אונטערגעדריקטע אונ עקספלואטירטע מאסנ זייַנע ברוטאלסטע אונ ווילדסטע מייַסימ. אונ וואָס שארפער ס׳זייַנענ די קלאסנ־ווידערשפרוכנ, וואָס האסטיקער ס׳וואקסט אָנ דער צאָרנ פונ די אונטערגעדריקטע מאסנ קעגנ דעמ הערשנדיקנ עקספלואטאטערישנ בורזשואזנ קלאס, אלצ צוויִעסדיקער אונ — אלצ „מאָראלישער״ אונ „הייליקער״ ווערט די דאָזיקע שפראכ.

מארקסנ אונ ענגעלסנ איז אויסגעקומענ צו קעמפנ קעגנ אידעאליזמ, קעגנ די אידעאליסטישע זייַטנ פונעמ פייַערבאכישנ מאטעריִאליזמ, קעגנ דיורינגשטשינע, קעגנ קליינבירגערלעכנ רעוואָליוציִאָניזמ אונ אוטאָפיזמ. אפ פארשיידענע ערטער האָבנ מיר בא זיי אויסגעצייכנטע שפראכלעכע ארויסזאָגונגענ קעגנ פיליסטערישנ אוטאָפיסטישנ סאָציִאליזמ אונ אנארכיזמ, קעגנ מאָראליש־אידעאליסטישע געניטונגענ, קעגנ עקלעקטישע אונ פסעוודאָ־מארקסיסטישע קאָנצעפציעס.

מארקס רעדט וועגנ פרודאָנס „ריטאָרישע געניטונגענ״ לעהייפעכ צו „ריקארדאָס פינקטלעכער, קלאָרער אונ איינפאכער שפראכ״ [1]. מארקס ווייַזט ביקלאל דעמ ווערט פונ „ווערטער״ אפ „צעשמירנ פיליסטערישע אוטאָפיעס״:

„קיינ שול האָט זיכ ניט געוואָרפנ מיטנ וואָרט „וויסנשאפט״ מערער ווי די פרודאָנישע, ווייַל

Wo Begriffe fehlen
Da stellt zur rechten Zeit ein Wort sich ein“.

(ווו עס פעלנ באגריפנ, דאָרט העלפט ארויס צו דער רעכטער צייַט א וואָרט [2]).

אנ אויסגעשפראָכענער פאָרשטייער פונ סאָציִאלנ אוטאָפיזמ אונ אנארכיזמ, האָט פרודאָנ, קריטיקירנדיק די בורזשואזע געזעלשאפט, אידעאליזירט צו דער זעלבער צייַט דאָס קליינ־אייגנטומ אונ טעאָרעטיזירט וועגנ וווקס פונ די פראָדוציר־קרעפטנ אפ דער באזע פונ פארייניקנ קליינ־פראָדוצירער, האנטווערקער, פויערימ אפ די יעסוידעס פונ „מוטואליזמ״ (קעגנזייַטיקייַט). מארקס אונ ענגעלס האָבנ אינ אינטערנאציִאָנאל געפירט א העפטיקנ קאמפ קעגנ פרודאָנענ אונ די פרודאָניסטנ, קעגנ זייער אידעאל פונ „אייביקער גערעכטיקייַט״ (justice éternelle), וואָס האָט זיכ באזירט אפ די יורידישע באציִונגענ פונ דער סכוירע־פראָדוקציע אונ וואָס אנטשפרעכיק צו אזא גערעכטיקייַט־„אידעאל״ האָבנ זיי געשטרעבט צו איבערבויענ די עקזיסטירנדיקע סכוירע־פראָדוקציע:

[1] К. Маркс. Нищета философии. 1931.

[2] K. Marx. Das Kapital. I, Moscau, 1932, 74.

„ווענ מע זאָגט, אז „וואָכער" ווידערשפּרעכט דער justice éternelle (דער „אייביקער גערעכטיקייט"), equité éternelle, mutualité éternelle (דעם „אייביקנ יושער", „דער אייביקער קעגנזײַטיקײַט") אונ אנדערע „vérités éternelles" („אייביקע עמעסנ"), איז דערוויסנ מיר זיכ דענ וועגנ וואָכערײַ עטוואָס מערער אינ פארגלײַכ דערמיט, וואָס ס'האָבנ נאָכ געוווסט די פּאָטערס פונ קירכ, ווענ זיי האָבנ געזאָגט, אז וואָכערײַ ווידערשפּרעכט „grâce éternelle", „foi éternelle", „volonté éternelle de Dieu" (דעם „אייביקנ גענאָד", דעם „אייביקנ גלויבנ" דעם „אייביקנ גאָטס ווילנ?" [1]).

אינ דער „דײַטש־שער אידעאָלאָגיע" טרעפנ מיר דעם בײַסיקסטנ שפּאָט אונ די לײדנשאפטלעכסטע קריטיק פונ דער נאָכהעגעלשער פילאָסאָפיע, פונ די דעגראדירטע מאָדיפיקאציעס פונ העגעליאנערײַ, ווי שטירנערס — דעם הייליקנ סאנטשאָס — סוביעקטיוו־אידעאליסטישע קאָנסטרוקציעס. מיט דעם נײַעם שארפסטנ געווער — דיאלעקטישער מאטעריאליזם — קעמפנ דאָ מארקס אונ ענגעלס קעגנ דער פילאָסאָפיע, וואָס איז ניט אימשטאנד אראָפּלאָזנ זיכ פונ דער וועלט פונ „אידייי" אפ דער ווירקלעכער וועלט:

„... איינע פונ די סאמע שווערסטע אופגאבעס פאר די פילאָסאָפנ איז אראָפּלאָזנ זיכ פונ דער וועלט פונ געדאנק אינ דער ווירקלעכער וועלט. די אומיטלבארע ווירקלעכקײַט פונעם געדאנק — דאָס איז די שפּראכ. אזויווי די פילאָסאָפנ האָבנ פארזעלבשטענדיקט דאָס דענקענ, האָבנ זיי אויכ געמוזט די שפּראכ אָפּזונדערנ אינ א מינ זעלבשטענדיקנ קיניגרײַכ. דערינ באשטייט דער סאָד פונ דער פילאָסאָפישער שפּראכ, ווו די געדאנקענ, אלס ווערטער, פארמאָגנ זייער אייגענעם אינהאלט. די אופגאבע אראָפּצולאָזנ זיכ פונ דער וועלט פונ געדאנקענ אינ דער ווירקלעכער וועלט ווערט פארוואנדלט אינ דער אופגאבע אראָפּצונידערנ פונ דער שפּראכ צום לעבנ... ניט דער געדאנק, ניט די שפּראכ בילדנ ניט אליינ פאר זיכ קיינ באזונדער קיניגרײַכ, זיי זײַנענ בלויז ארויסווײַזונגענ פונ דעם ווירקלעכנ לעבנ..." [2]).

מיט דער שארפסטער איראָניע שמעטערנ דאָ מארקס אונ ענגעלס דאָס אבסטראקטע, פונ רעאלנ לעבנ אָפּגעשיידטע נישטערנ עפּעס א הייליק אונ „אייביק" קישעפ־וואָרט, א וואָרט איבער אלע ווערטער, די קונציקע שפּיל מיט צווייײַדײַטיקײַט דאָס עקספּלואטירנ עטימאָלאָגישע אונ פאָנעטישע אנטשפּרעכונגענ, דאָס אָפּזונדערנ אונ אויסהוילנ שפּראכ־קאטעגאָריעס פונ זייער קאָנקרעטנ רעאל־פּראקטישנ טאָכ אונ דאָס פלאָנטערנ, צונויפמישנ זיי צוזאמענ, די אופגעבלאָזענע דעקלאמאציע, וואָס ווערט נאָכ געמאכט דערצו מיטנ אָנשטעל פונ ראדיקאליזם אונ ארכי־רעוואָליוציאָנערישקײַט:

„...דער הייליקער סאנטשאָ גיט א טויטקלאפּ דעם קאָמוניזם, צעלאָזנדיק יט אזא זאצ: „אָפּנעמענדיק (!) אויכ דאָס אייגנטום (Eigentum), בארעכענענ ניט די סאָציאליסטנ, אז דאָס פארהיטנ אייגנטום ווערט גאראנטירט פונ יעדנס באזונדערקײַט (Eigenheit). צי זײַנענ דענ בלויז געלט אונ פארמעגנ אנ אייגנטום, אונ ניט יעדע מיינונג איז אויכ עפּעס מײַנס, אזוינס, וואָס ס'איז

[1]) K. Marx. Das Kapital. Band I. Moskau, 1932, 90—91.

[2]) К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. IV. 1932. Нем. идеология, 434.

מיר אייגנ? באדארפ, הייסט עס, יעדע מיינונג פארניכטעט אָדער אנאָנימירט ווערנ"... באנאנד מיט פיל אנדערע אונ נאָכ די פיל אנדערע האָט מיט א יאָר 30 צוריק דאָס אייגענע אסאכ בעסער געזאָגט דעסטיוט דע־טראסי... [1]) אידענ־טיפיצירנדיק דאָס פריוואט־אייגנטום אונ די פערזענלעכקייַט, מיט דער הילפ פונעם וואָרט־שפיל propriété (אייגנטום) אונ propre (אייגנ, אייגנטימלעכס), קומט דעסטיוט דע־טראסי, ווי „שטירנער", מיט דער הילפ פונ וואָרטשפיל „מיינ" (Mein) אונ „מיינונג" (Meinung), „אייגנטום" (Eigentum) אונ „באזונ־דערקייַט" (Eigenheit) צום פאָלגנדיקנ אויספיר: „ס'זייַנענ, הייסט עס, ביז גאָר פוסטע די שטרייַטנ וועגנ דעמ צי איז ניט בעסער, אז קיינער פונ אונדז זאָל ניט האָבנ קיינ שום אייגנטימלעכס (de discuter s'il ne vaudrait pas mieux que rien ne fût á chacun de nous...). „שטירנער" לייקנט אָפ דאָס קאָמוניס־טישע פארניכטנ פריוואט־אייגנטום דערמיט, וואָס ער פארוואנדלט פריוואט־אייגנטום אינ „פארמאָגנ" [2]) אונ דערקלערט דערנאָכ דעמ ווערב „פארמאָגנ, האָבנ" פאר א נויטווענדיק וואָרט, פאר אנ אייביקנ עמעס, ווייַל אינ דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט קענ זיכ טרעפנ, אז ער זאָל „האָבנ" בויכווייטעק. פונקט אזוי באגרינדעט ער איצט די ניטאָפשאפלעכקייַט פונ פריוואט־אייגנטום דערמיט, וואָס ער פארוואנדלט עס אינעמ באגריפ פונ אייגנטימלעכקייַט. ער עקספלואטירט די עטימאָלאָגישע פארבינדונג צווישנ די ווערטער „אייגנ־טום" (Eigentum) אונ „אייגנטימלעכ" (eigen) אונ דערקלערט אָט דאָס וואָרט „אייגנ, אייגנטימלעכ" פאר אנ אייביקנ עמעס, ווייַל אויכ אינ דער קאָמוניס־טישער געזעלשאפט קענ טרעפנ, אז ס'וועט אימ „אייגנ" זייַנ בויכווייטעק. אָט דער גאנצער טעאָרעטישער אבסורד, וואָס זוכט זיכ א באהעלטעניש אינ עטימאָלאָגיע, וואָלט אומעגלעכ געווענ, ווענ דאָסווירקלעכע פריוואט־אייגנטום, וואָס די קאָמוניסטנ שטרעבנ עס צו פארניכטנ, וואָלט ניט פארוואנדלט געוואָרנ אינעמ אבסטראקטנ באגריפ „אייגנטום ביקלאל" [3]).

אינ זייַנ בוכ „דער איינציקער אונ זייַנ אייגנטום" האלט שטירנער די פערזענ־לעכקייַט פאר דער איינציקער עכטער רעאלקייַט. ער רופט דעריבער צו אָפשאפנ מע־לוכע, רעכט. מיט דער שארפסטער קלאָרקייַט דעקנ דאָ מארקס אונ ענגעלס אופ דעמ עמעסנ קלאסנ־טאָכ פונ אָט דעמ אידעאליסטישנ אנארכיזמ, וואָס פארקערפערט דעמ דראנג פונ בורזשוא צו ווערנ אנ עמעסער בורזשוא, צו האָבנ די פולע פרייַהייַט פונ קאָנקורענצ, וואָס דערצו האָבנ נאָכ געשטערט די פעאָדאלע פארהעלטענישנ פונ דייַטשלאנד אינ די 40־קער יאָרנ.

אונ פייַערבאכ וויל שאפנ די נייַע רעליגיע פונ געשלעכטלעכער ליבע, פרייַנט־שאפט, מיטלייד, פונ קעגנזייַטיקער מענטשלעכער איבערגעגעבנקייַט אונ צוגעלאָזנ־

[1]) דעסטיוטדע־טראסי (1745—1836) — בורזשואזער עקאָנאָמיסט אונ פילאָסאָפ.

[2]) אונ אפ אנדער אָרט אינ דער „דייַטשישער אידעאָלאָגיע": „...אזוי נוצט סאנטשאָ אויס, אשטייגער, די עטימאָלאָגישע פארבינדונג צווישנ Geld (געלט) אונ Geltung (ווערט), Vermögen (פארמעגנ) אונ vermögen (זייַנ פייִק) א. אז. וו." זע דעמ פריִער ציטירטנ בוכ ז. 250.

[3]) דאָרטנ, ז. 206—208.

קײַט ביקלאל, און דאָס דאַרף ניט אנדערש ווי באקרוינט זײַן מיטן הײליקן נאָמען „רעליגיע". שרײַבט ענגעלס וועגן דער דאָזיקער פילאָסאָפיע פון רעליגיע:

„רעליגיע שטאמט אָפּ פונעם ווערב religare און באטײַט צוערשט פארבינדונג. רעליגיע איז אזויארום יעטווידע קעגנזײַטיקע פארבינדונג צווישן צוויי מענטשן. אזוינע עטימאָלאָגישע קונצשטיק בילדן די לעצטע באהעלטעניש (Auskunftsmittel) פון דער אידעאליסטישער פילאָסאָפיע. מע הענגט אָן די ווערטער ניט דעם באטײַט, וואָס זיי האָבן באקומען אין פראָצעס פון לאנגן היסטאָרישן געברויך, נאָר דעם באטײַט, וואָס זיי וואָלטן באדארפט האָבן צוליב זייער עטימאָלאָגישער אָפּשטאמונג. אז ס'זאָל ניט פארשווינדן דאָס וואָרט „רעליגיע", וואָס איז טײַער לויט דער אלטער אידעאליסטישער געוווינהײַט, פארהימלט מען דערמיט געשלעכט־ליבע און געשלעכט־באציִונגען" [1].

בלויז דער פראָלעטאריאט און זײַנע פאָרגעשריטנסטע אידעאָלאָגן און דענקער זײַנען פרײַ פון צוויִעסדיקער און שווינדלערישער פראזע, פון פראזע, וואָס איז העכער פון יעדער אינהאלט, פון פיליסטערישן נעפּל, פון קלײנבירגערלעכע צווייַדײַטיקע שפראַכ־דריידלעך, פון אידעאליסטישע קונצן. בלויז דאָס פראָלעטארישע וואָרט שטימט מיט דער פראָלעטארישער באגריפן־וועלט, וואָס איז פארקערפּערט אין דער אָביעקטיוו־געטרײַער, קלאָרסטער שפּראַך פון זײַן קלאָרסטן קלאסן־עמעס, וואָס איז און ווערט דער אלמענטשלעכער עמעס.

## VII. לאָגישע קאטעגאָריעס דרינגען ארויס פון אונדזערע פארהעלטענישן

צו דעם, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט געבראכט וועגן דער אלגעמיינער מארקס־ענגעלסישער כאראקטעריסטיק פונעם שפּראַכ־שטאָף אין פארשיידענע פעריִאָדן בא פארשיידענע קלאסן, ווילן מיר דאָ נאָך ספּעציִעל אָפּמערקן אייניקע סעמאנטישע און עטימאָלאָגישע פארצייכענונגען, וואָס מיר טרעפן אין פארשיידענע ערטער בא די קלאסיקער פונעם מארקסיזם. אינעם דערקענטעניש־דראנג זייערן זײַנען מארקס און ענגעלס אלעמאָל אָנגעקומען צו סעמאנטישע אויסזוכונגען און קעגנשטעלונגען, צו עטימאָלאָגישע עקסקורסן, וואָס האָבן א שײַכעס צום שטאם־פעריִאָד, צו דער פעאָדאלער עפּאָכע, צו דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט.

אין א בריוו צו ענגעלסן רעדט מארקס וועגן בורזשואזי־פאלשע איבערזעצונגען און אויסטײַטשונגען פון טעקסטן בא טאציטן [2] וועגן דעם פארצײַטישן ערדבאזיץ, וועגן געמיינזאמער ערד. נאָך א גענויערן אנאליז און קעגנשטעלונג פון אלט־לאטײַנישע טעקסטן לאָזט מארקס אויס אזוי:

„...וואָס וואָלט אָבער געזאָגט old [3] העגעל, ווען ער וואָלט אָפּ יענער

---

[1]) Friedrich Engels. Ludwig Feuerbach und der Ausgange der klassischen Deutschen Philosophie, Moscau ,1932.

[2]) טאציט (55—120) — א רוימישער היסטאָריקער.

[3]) דער אלטער.

וועלט זיכ דערוווסט, אז דאָס „אלגעמיינע" באטײַט בא די גערמאנער און בא די צאָפנדיקע ניט עפּעס אנדערש, ווי געמײנזאמע ערד (Gemeinland), און דאָס „באזונדערע" — ניט עפּעס אנדערש, ווי פּריוואט־אײגנטום (Sondereigen), וואָס האָט זיכ ארויסגעטײלט פונ אָט דער געמײנזאמער ערד? די לאָגישע קאטעגאָריעס — אנ אָנשיקעניש — דרינגענ דאָ דירעקט ארויס פונ „אונדזערע פאַרהעלטענישנ" [1]).

אזוי איז מארקס פונ מאָל צו מאָל שטארק פאַרנומענ מיט וואָרטשטאָפ, וואָס פאַרקערפּערט די לאָגישע קאטעגאָריע לויט „אונדזערע פאַרהעלטענישנ".

מארקסנ אינטערעסירט, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע געצאמטקײַט און צעכישע אָפּגעשלאָסנקײַט האָט ביזנ 18־טנ י. ה. באנוצט אזא וואָרט, ווי mysteries (געהײמניש, mystètres) פאַר האנטווערק —

„מיסטעריענ, וואָס אינ זײער טונקלקײַט האָט געקענט ארײַנדרינגענ בלויז אנ עמפּיריש און פּראָפעסיאָנעל־געהײליקטער" (Eingeweihte [2]).

באַם באטראכטנ און ציטירנ דאָקומענטנ איז מארקס שטארק פאַרינטערעסירט דערמיט, וואָס דאָס וואָרט catalla, capitalia ס'הײסט קאפּיטאַל, קומט אופ באנאנד מיטנ אופקומענ פונ די שטאָטישע קאָמונעס [3]). טשיקאווע איז פאַר אים, אגעוו, וואָס דאָס וואָרט Communio ווערט אויכ געברויכט מיט אזא מינ פאַראכט־טאָנ, ווי איצט קאָמוניזם:

„אָט שרײַבט, אשטײגער, דער גאלעכ גילבער פונ נאָיונ: Communio novum ac pessimum nomen" (קאָמונע איז א נײַ און זײער א מיִעס וואָרט).

מארקס קאָנטראָלירט דורכ זײַנע טעכנאָלאָגישע אויסצוגנ און שטעלט פעסט, צווישנ אנדערנ, אז די מיל (ווי אויכ דער זײגער) איז אינעם מאנופאקטור־פּעריאָד געווענ פונ די מאטעריעלע יעסוידעס, וואָס אפ זײ האָט זיכ אינעווײניק אינ דער מאנופאקטור געבויט די צוגרײט־ארבעט פאַר דער מאשינ־אינדוסטריע. ער מײַדט דאָ אויכ ניט אויס אָנצווײַזנ אפ דעמ ווײַטערדיקנ אָנווענדנ די באצײכענונג (mill [4]) פאַר יעטווידנ מעכאניזם צוליב פּראקטישע צילנ.

בא מארקסנ טרעפנ מיר א שלאַל לינגוויסטיש־עטימאָלאָגישע באמערקונגענ צו דער קאטעגאָריע „ווערט".

אינגאנצנ פאַרטונ אינ אזוינע סעמאנטישע און עטימאָלאָגישע עקסקורסנ איז ענגעלס. פול דערמיט איז, אשטײגער, ענגעלסעס „אופקומ פונ פאמיליע, פונ פּריוואט־אײגנטומ און מעלוכע", ווו אפ דער באזע פונ דער געזעלשאפטלעכער עקאָנאָמישער פאָרמאציע ווערט גרינטלעכ אנאליזירט די סעמאנטישע טראנספאָרמאציע פונ „פרוי", וואָס האָט, אײגנטלעכ, באטײַט „הארנטע" אפ געוויסע עטאפּנ פונ דער אורגעזעלשאפט (lady, frowa, Frau=הארנטע), פונ „פאמיליע", וואָס איז צוערשט די באצײכענונג פונ פאמיליע־קנעכט: famulus — א שטוב־קנעכט און familia — דער סכומ

1) К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. XXIV, 34—35.

2) K. Marx. Kapital, I, Moscau 1932, 511.

3) מארקס אינ א בריוו צו ענגעלסנ. „קאָמונעס" האָבנ געהײסנ די אופקומענדיקע שטעט נאָכ אײדער אפילע זײ האָבנ געהאט אויסגעקעמפט פאַר זיכ זעלבסטפאַרוואלטונג און פּאָליטישע רעכט באַמ פעאָדאַל.

4) אינ ענגליש איז, אגעוו, „מיל" סײַ מיל, סײַ פאבריק.

קנעכט, וואָס געהער צו וועמענ עס איז), פונ genus (שטאמ, אָפּשטאמ) א. אז. וו. א. אז. וו.

מארקס אונ ענגעלס זײַנענ ביקלאל פארנומענ מיט דער פּראָבלעמ פונ וואָרט אונ פונ וואָרט־באצייכענענ אינעמ פּראָצעס פונ געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, מיט וואָרט־גענויקײַט אונ וואָרט־דיפערענציאציע.

פאר מארקסנ איז וויכטיק אָפּצומערקנ, לויט מוירערנ, אז די אלטע גערמאנער פלעגנ די גרייס פונ א מאָרגענ[1]) ערד אויסמעסטנ לויט דער ארבעט פונ איינ טאָג, אונ דעריבער פלעג דער מאָרגענ הייסנ Tagwerk, אויכ Tagwanne (טאגווערק, א טאָג ארבעט), jurnale) אָדער jurnalis, terra jurnalis אָדער diornalis), Mannswerk. Mannskraft א.אז.וו. ער גיט צו, אז אינ אייניקע טײלנ פונ פראנקרײַכ טרעפט מענ נאָכ איצט די באצייכענונג Jurnal פאר א געוויסער פלאכ־מאָס, וואָס איז אגערעכ א מאָרגענ די גרייס[2]).

פאר מארקסנ איז וויכטיק די עטימאָלאָגישע שײַכעס צווישנ די אָנרופנ פונ די איידעלע מעטאלנ אונ צווישנ די קאָלירנ אינ פארשײדענע אינדאָ־גערמאנישע שפּראכנ, אונ ער פארופט זיכ דערבײַ אפ גרימס „געשיכטע פונ דײַטש"[3]).

בא דער באצייכענונג „ארבעט־פּראָצעס" ווערט מארקס ניט אויסמײַדנ אָפּצומערקנ די פונקציע פונ דעמ וואָרט „פּראָצעס" פארנ באגריפ אנטוויקלונג, גענומענ אינ דער גאָרער פארבינדונג פונ די רעאלע באדינגונגענ, אונ געבנ דערבײַ א שטיקעלע געשיכטע פונ אָט דער באצייכענונג אינ דער אײראָפּײשער וויסנשאפטלעכער שפּראכ:

„צוערשט האָט מענ עס אינ פראנקרײַכ ניט דרייסט ארײַנגעפירט אינ זײַנ לאטײַנישער פאָרמ processus. שפּעטער האָט עס פונ זיכ אראָפּגעוואָרפנ אָט דעמ פּעדאנטישנ שלייער אונ איז ארײַנ אינ די ביכער אפ כימיע, פיזיאָלאָגיע אונ אינ ענלעכע ביכער, ווי אויכ אינ אייניקע מעטאפיזישע ארבעטנ. סאָפקאָלסאָפ האָט זיכ עס אינגאנצנ נאטוראליזירט. אינ דער געוויינלעכער שפּראכ ברויכנ דײַטשנ אונ פראנצויזנ דאָס וואָרט פּראָצעס אינ זײַנ יורידישנ באטײַט"[4]).

פונ מאָל צו מאָל מערקט ענגעלס אָפּ די פּראָבלעמ פונ באטײַט אונ באצייכענונג, וואָס מיר האָבנ שוינ דערפונ דערמאָנט אינ א רייִ ערטער.

אָט ווײַזט, אשטייגער, ענגעלס אָנ אפנ פאָרצוג פונ ענגליש, וואָס האָט צוויי באצייכענונגענ אפ „ארבעט" — work פאר פּראקטישער אונ פיזישער ארבעט אונ labour פאר ארבעט אינ עקאָנאָמישנ זינענ. אינ דײַטש איז עס נישטאָ אונ דעריבער

„זײַנענ מעגלעכ געוועננ אינ דער נײַסטער פּסעוודאָ־וויסנשאפטלעכער ליטעראטור די פארשײדנערליי אייגנארטיקע אָנווענדונגענ פונ ארבעט אינ פיזישנ זינענ צו ארבעט־פארהעלטענישנ אינ געביט פונ עקאָנאָמיק אונ פארקערט"[5]).

---

[1]) מאָרגענ — מעזשע־מאָס, 561 קוו. קלאפטער די גרייס.

[2]) K. Marx. Das Kapital I. Berlin 1928.

[3]) K. Marx. Zur Kritik der politischen Ökonomie, Berl. 1924.

[4]) מארקס באמערקונג צו דער פראנצויזישער אויסגאבע פונעמ I ט. „קאפּיטאל" (לויט דער בערלינער אויסגאבע פונ 1928).

[5]) ארכיוו־באנד II 1925, 24—25. Friedrich Engels. Naturdialektik.

ס'איז אַן אויסגעצייכנטע אָנווײַזונג צו דער פונקציע פון וואָרט-גענויקייט און באטײַט-דיפערענציאַציע, וואָס אין דער שפּראַך איז עס פאַרקערפּערט אין דער סי־נאָנימישער שאַטירונג און וואַריאַציע. ענגעלס לייגט פאָר אַרײַנצובריינגען דאָס דײַ־טשישע Werk, וואָס פּאַסט פונקט ווי דאָס ענגלישע work צו באַצייכענען פיזישע אַרבעט. ער איז אָבער ניט זיכער, אַז עס וועט זיך אָננעמען, ווײַל

„פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז אַ געביט, וואָס ליגט ווײַט פון אונדזערע נאַטור־פאָרשער, וועט זיי זײַן שווערלעך צו באַשליסן זיך אײַנצופירן עס אָנשטאָט דעם אײַנגעבירגערטן וואָרט Arbeit, סײַדן דאַן, ווען ס'וועט שוין זײַן צו שפּעט"[1].

אַזוינע אָנווײַזונגען האָבן מיר בײַ ענגעלסן אויך אין אַנדערע ערטער.

ס'איז פאַראַן בײַ די גרונטלייגער פונעם מאַרקסיזם זייער אַ רײַכער מאַטעריאַל וועגן לאָגישע קאַטעגאָריעס און וועגן זייער שפּראַכלעכן אויסדרוק, וועגן וואָרט־גע־נויזס און וואָרט־אָנווענד אין „אונדזערע פאַרהעלטעניש".

## VIII. אופקום און אַנטוויקלונג פון שפּראַך

שפּראַך־אופקום און שפּראַך־אַנטוויקלונג איז אַ וויכטיקע פּראָבלעם פאַר אונדזער גאָרער דערקענטעניש און וויסן, ביפראַט פאַר דער לינגוויסטיק. פּראָגעס פון שפּראַך־געגנזיס האָבן דורכגעמאַכט אַ גאָר גרויסן און פאַרשיידנאַרטיקן וועג. אין מעשעך פון דעם 19־טן י. ה. ציט זיך דער וועג פון דער בורזשואַזער אינדאָ־אייראָפּייִשער טע־אָריע וועגן אָפּגעשלאָסענע שפּראַך־מישפּאָכעס מיט דער אורשפּראַך אינדערמיט ביז דער טעאָריע וועגן אייגנהײַטלעכן גלאָטאָגאָנישן פּראָצעס אין די שפּראַכן פון גאָר דער וועלט און וועגן סטאַדיאַלקײַט אין דער אַנטוויקלונג פון שפּראַך (אַלע שפּראַכן מאַכן דורך איינע און די זעלביקע אַנטוויקלונג־סטאַדיעס).

אַזאַ גרונטיקן קער אין פּראַט פון דער אייגנהײַטלעכקײַט פונעם גלאָטאָגאָנישן פּראָצעס האָבן מיר אין מאַרקס אַרויסזאָגונג וועגן דער געמיינזאַמקײַט צווישן די אַנטוויקלטסטע און אומאַנטוויקלטסטע שפּראַכן און וועגן דער שפּראַך־אַנטוויקלונג גו־פּע:

„...אויף אָבער די אַמערסטן אַנטוויקלטסטע שפּראַכן שאַפן געמיינזאַמע געזעצן און דעפיניציעס מיט די אַמווייניקסטן אַנטוויקלטסטע, איז דער אונטער־שייד פון אָט דעם אַלגעמיינעם און געמיינזאַמען גראָד דאָס, וואָס עס שאַפט זייער אַנטוויקלונג..."[2].

און דאָס איז פּונקט דער הייפּעך פון דער אָפּגעריסנקײַט און אָפּגעשלאָסנקײַט פון שפּראַך־פאַמיליעס און פון דער טעאָריע וועגן קולטורעלע און דעגראַדירנדיקע שפּראַכן בײַ קולטורעלע און דעגראַדירנדיקע פעלקער, וואָס דער קאָמפּאַראַטיוויזם האָט דער־מיט אידעאָלאָגיש באַדינט הײַנט צו טאָג די נאַציאָנאַלע און קאָלאָניאַלע פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע, פונעם אימפּעריאַליזם.

1) דאָרטן.

2) Karl Marx. Zur Kritik der politischen Ökonomie, Berlin, 1924, Einleitung, XV.

די גרונטלייגער פונעם מאַרקסיזם האָבן ווידער אָנגעמערקט די באַוועגונג אין דער גאָרער שפּראַך־אַנטוויקלונג, די פאָרמעס פון אָט דער אַנטוויקלונג אַנטשפּרעכיק צו די קאָנקרעט־היסטאָרישע באַדינגונגען, ספּעציעל דאָס אויפקומען פון נאַציאָנאַלע שפּראַכן אין דער עפּאָכע פונעם זיכפאַרפעסטיקנדיקן קאַפּיטאַליזם:

„אין יעטווידער הייַנטצייַטיקער אַנטוויקלטער שפּראַך האָט די סטיכיש־אויפגעקומענע רייד דערהויבן זיך צו אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך, טיילווייַז אַדאַנק דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג, וואָס די שפּראַך האָט דורכגעמאַכט פונעם גרייטן מאַטעריאַל, ווי אין די ראָמאַנישע און גערמאַנישע שפּראַכן, טיילווייַז אַדאַנק דער צונויפקרייצונג פון נאַציעס, ווי אין ענגליש, טיילווייַז אַדאַנק דער קאָנצענטראַציע פון דיאַלעקטן אין אַן איינהייַטלעכער נאַציאָנאַלער שפּראַך, וועלכע איז באַדינגט פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער קאָנצענטראַציע"[1]).

אָט די פּראָבלעם פון עקאָנאָמיש־פּאָליטישער שפּראַך־דיאַלעקטיק שטעלט אויך ענגעלס אין זייַן קאַפּיטל „פּאָליאַריזאַציע"[2]). ענגעלס ווייַזט דאָ אויף, אַז די פרענקישע שפּראַך איז אי אייבערדייַטשיש, אי נידערדייַטשיש, לעהייפּעך צו גרימס באַהויפּטונג, אַז יעטווידע דייַטשישע ריידעניש קען זייַן אָדער אַן אייבערדייַטשישע אָדער אַ ני־דערדייַטשישע, און ער האָט, אַזויאַרום, ניט געוווּסט ווו אַהינצוטון די פרענקישע ריידעניש.

אין פאַרשיידענע ערטער ריידן מאַרקס און ענגעלס וועגן דער דאָזיקער דורכדרינג־לעכקייַט און פּאָליאַריזירונגען פונעם גאָרן שפּראַך־פּראָצעס, וועגן די גלאָטאָגאָנישע געמיינזאַמקייַטן, אין דעם אַלגעמיינעם, ווי אין דעם דיפערענצירטן שפּראַך־פּראָצעס.

„... וועגן דעם אינדוסטריעלן אויפשטייַג האָט ער קיין איין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר ער האָט אויסגעדריקט אַ שטילן טרויער וועגן דעם, וואָס אין דייַטשלאַנד טוט זיך קיין זאַך ניט, אויסער "improvements„[3]). די ענגלישע שפּראַך איז „נעבעכדיק", פולקום ראָמאַניזירט. צום טרייסט האָב איך דערויף געזאָגט, אַז די האָלענדער און דענער זאָגן דאָס זעלביקע וועגן דער דייַטשישער שפּראַך, און אַז די „איסלענדער"—די איינציקע עכטע גערמאַנער—זייַנען ניט פאַרדאָרבן געוואָרן פון קיין פרעמדווערטער"...[4]).

„... די קעגנזייַטיקע פאַרהעלטעניש צווישן שפּראַכן און נאַציאָנאַליטעטן איז זייער אַן אייגנאַרטיקע. אין פלענסבורג, ווו דער גאַנצער פּאָדערטייל, באַזונדערס באַם האַפן, איז—לויט דענישע אָנגאַבעס—אַ דענישער, האָבן אַלע קינדער, וואָס האָבן זיך מאַסנווייַז געשפּילט באַם האַפן, גערעדט אַף דער נידערדייַטשישער ריידעניש. פאַרקערט, צו צאָפן פון פלענסבורג איז די פאָלקשפּראַך דעניש, ס'הייסט דער נידערדענישער דיאַלעקט, וואָס כ'האָב פון אים קימאַט קיין איין וואָרט ניט פאַרשטאַנען. אין זונדעוויט אין גאָרקיך האָבן די פויערים גערעדט פאַרשיידן: דעניש, נידערדייַטש און דייַטש. סייַ דאָרטן, סייַ אין זאָנ־

1) К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. IV ,1934. Нем. Идеология, 414.

2) Friedrich Engels. Naturdialektik („Polarisation").

3) נייַקייַטן.

4) פון מאַרקס בריוו צו ענגעלסן. К. Маркс и Ф. Энгелс. Соч. т. XXII, 106

דערבורג, ווו איך האָב זיך געווענדעט אפ דעניש, האָב איך אלעמאָל געקראָגן אן ענטפער אפ דייטש"[1].

בא די קלאסיקער פונעם מארקסיזם טרעפן מיר ספעציעלע ארויסזאָגונגען וועגן דער סטרוקטור פון א שפראך און וועגן איר „גייסט" אין פראָצעס פון געשיכטלעכער אנטוויקלונג. מיר האָבן עס, אשטייגער, בא מארקסן אין דער אָנווייזונג וועגן דער ענגלישער שפראך לעגאבע אירע אבסטראקטע און קאָנקרעטע עלעמענטן (באם באטראכטן די באצייכענונגען פון געברויך־און טוישווערט):

„אינעם 17־טן יאָרהונדערט טרעפן מיר נאָך אָפט בא ענגלישע שרייבער „worth" פאר געברויך־ווערט און „value" פאר טוישווערט; ס'איז אינגאנצן אינעם גייסט פון א שפראך, וואָס האָט ליב קאָנקרעטע (unmittelbare) זאכן ארויסצודריקן גערמאניש, און אבסטראקטע (reflektierte) — ראָמאניש"[2].

דאָ איז געגעבן א שטיק געשיכטע פון דער ענגלישער שפראך, וואָס אפ אן אנדער אָרט (אויבן געבראכט) האָט זי מארקס באצייכנט אלע טיפישע מיש־שפראך, וואָס איז אופגעקומען אינעם פראָצעס פון צונויפקרייצונג און איבערמישונג פון פעלקער. דאָ איז באטאָנט די דערשיינונג, וואָס מיר האָבן איצט וועגן דעם פאנאנדערגעארבעטע מאטעריאלן בענוגייע צום וואָרט־אינווענטאר און צו דער סטרוקטור פון ענגליש: שטייגער־ווערטער זיינען דאָ דערהויפט פון גראמאטישן אָפשטאם, און דער אָנוואקסנדיקער אינטערנאציאָנאלער וואָרטשטאָפ איז דעריקער ראָמאניש (זע אויך די פריער ציטירטע בריוו מארקס וועגן פרעמדווערטער[3]).

„שפראך איז פונקט אזוי אלט ווי באוווסטזיין" (מארקס). אָט די פאָרמול דייט קלאָר אָן אפ דער נויטווענדיקייט פון געשיכטלעכקייט אינעם דערלערנען דעם שפראך־פראָצעס, ווי באם דערלערנען די געשיכטע פון אידעאָלאָגיע, פון דענקען בכלל. און פאר יענער צייט זעט ענגעלס דעם גרויסן פאָרצוג פונעם געשיכטלעכן (אפילע פונעם קאָמפאראטיוויש־געשיכטלעכן) אינעם שפראכוויסן לעגאבע דער סטאטיש־„אייביקער", מעטאפיזישער גראמאטיק פונעם 18־טן יאָרהונדערט:

„... אָבער „די מאטעריע און די פאָרם פון דער אייגענער שפראך" זיינען בלויז דאן פארשטענדלעך, ווען מע שפירט נאָך נאָך איר אופקום און בהאדרגיקער אנטוויקלונג, און דאָס איז אומעגלעך, ווען מע לאָזט ארויס פון אויגערשטנס, אירע אייגענע אָפגעשטאָרבענע פאָרמעס, און, צווייטנס, די קרוויווישע לעבעדיקע און טויטע שפראכן... דער ה. דיורינג, וואָס האָט ארויסגעטריבן פון זיין לערן־פלאן די גאנצע מאָדערנע היסטאָרישע גראמאטיק, לאָזט איבער אין זיין שול פארן שפראך־לימעד בלויז די אלטפרענקישע, צוגעשניטענע אין סטיל פון דער אלטער קלאסישער פילאָלאָגיע, טעכנישע גראמאטיק, מיט איר גאנצער קאזויסטיק און ווילקירלעכקייט, וואָס זיינען ארויסגערופן דורך דעם, וואָס אין איר איז ניטאָ קיין געשיכטלעכער גרונט. ס'איז קלאָר, אז מיר האָבן

---

[1] פון ענגעלסעס בריוו צו מארקסן K. Маркс и Ф. Энгельс. т. XXII.

[2] K. Marx. Das Kapital .Moscau 1933 (באמערקונג 40).

[3] לויט דער באארבעטונג פון געוויסע ליטעראַרישע מאטעריאלן קומט אויס, אז קיפלינגס „מאוגלי" אשטייגער, אָדער דיקענסעס ווערק פארמאָגן 8—11 פראָצענט פון ראָמאנישן אָפשטאם און אין דער וויסנשאפטלעכער פראָזע (ספענסער און העסקלי) האָבן מיר ביז 48%.

צו טאָנ מיט א פילאָלאָג, וואָס האָט ניט געהערט וועגנ דער היסטאָרישער שפּראכקענטעניש, וועלכע האָט זיכ אזוי שטארק אונ פרוכטבאר אנטוויקלט פאר די לעצטע 60 יאָר, אונ וואָס זוכט אויס דעריבער „די מאָדערנע דערהויבענע בילדונג־עלעמענטנ” פונ דער שפּראכקענטעניש ניט בא באָפּנ, גרימענ אונ דיצנ, נאָר בא גייזעס אונ בעקערס זעליקנ אָנדענק”[1]).

די וויַטערדיקע אָנשויל'עכע קאָנקרעטיזירונג פינ אָט דער האנאָכע וועגנ דער ראָליע פונ שפּראכ־געשיכטלעכקייַט אינ אונדזער גאָרער דערקענטעניש טרעפּנ מיר באַם כ' לענינ אינ זייַנ אויסגעצייכנטער געשיכטע־סכעמע צום מעהוס פונ דערקענטעניש אונ דיאַלעקטיק:

געשיכטע פונ דערקענטעניש ביקלאל

Ergo:

דער גאָרער געביט פונ וויסנ

געשיכטע פונ פילאָסאָפיע
„ „ באזונדערע וויסנשאפטנ
„ „ גייַסטיקער אנטוויקלונג פונעמ קינד
„ „ „ „ „ פונ באלעכאימ
„ „ שפּראכ: NB
+ פּסיכאָלאָגיע
+ פיזיאָלאָגיע פונ די כוש־אָרגאנענ

אָט דאָס זייַנענ די געביטנ פונ וויסנ, וואָס פונ זיי דארפ צונויפגעשטעלט ווערנ (сложиться) די טעאָריע פונ דערקענטעניש אונ פונ דיאַלעקטיק [2]).

ס'איז קלאָר, אז אינ אָט די אלע באהויפּטונגענ פונ די קלאסיקער פונעמ מארקסיזמ גייט די רייד וועגנ דעמ דיאַלעקטיש־מאטעריאַליסטישנ אופאסנ געשיכטלעכקייַט פונ. שפּראכ־פּראָצעס. וואָרעמ ס'איז פאראנ היסטאָריזמ אונ „היסטאָריזמ”. פאר דעמ פארשיידנערלייִקנ אידעאליסטישנ „היסטאָריזמ” איז כאראקטעריסטיש דאָס אופנעמענ שפּראכ־אנטוויקלונג אלס סכומ פונ איינפאכערע אונ קאָמפּליצירטערע צוגאָבנ אונ מינערונגענ, ביקלאל אלס סיסטעמ פונ קוואנטיטאטיווער ענדערלעכקייַט. דער געשיכטלעכער שפּראכ־פּראָצעס איז דאָ איבערהויפּט ניט קיינ קאטעגאָריע פונ קעגנזייַטיקער ווירקונג צווישנ דענקענ, שפּראכ מיטנ געזעלשאפטלעכ־אידעאָלאָגישנ, מאטעריעל־פּראָדוצירישנ באזיס. אזוי איז עס בא די נאטוראליסטישע, פּסיכאָלאָגיסטישע ארויס־

1) Fr. Engels. Herrn Eugen Dührings Umwälzung der Wissenschaft. Berlin 1928, 347—8.

2) XII „Ленинский сборник“ (אינ די באמערקונגענ אפ לאסאלס בוכ וועגנ הערקליטנ. די או. טערשטרייַכינג אונ NB זייַנענ לענינס).

וויַזונגען פונ דעמ פארגלײַכ־אינדאָ־אייראָפּײַשנ „היסטאָריזמ“ מיט זײַנע „אײביקע“ קלאנגען־געזעצנ, ווו די געשיכטע פונ שפּראַכ איז, אייגנטלעכ, די געשיכטע פונ קלאנגענ לויט די אָפּגעשלאָסענע שפּראַכ־מישפּאָכעס מיט דער אויסגעטראכטער אורשפּראַכ אינדערמיט. אזוי איז עס אויכ אינ דעמ סאָציאָריאַנישנ מעכאַניסטישנ קעגנשטעלנ סינכראָניע צו דיאַכראָניע אינ שפּראַכ־אנטוויקלונג, און ווו גופע די געשיכטלעכקײַט שטעקט קלוימערשט אינ די אינדיווידועלע „אָפּוועגדונגענ“ פונ דעמ טראדיציאָנעל־קאָלעקטיוויסטישנ שפּראַכ־פאקט, וואָס איז אינ עצעמ אינערטיש און קאָנסערוואטיוו, ווי דער קאָלעקטיוו גופע. היסטאָריזמ אינעמ מארקסיסטישנ אספּעקט פאסט אופ שפּראַכ אינ קוואליטאטיווער ענדערלעכקײַט, אינ דורכדרינגלעכקײַט, אינ קאמפּ צווישנ פאָרמ און אינהאלט, און דאָס אלצ דורכויס אינ דער גאָרער דיאַלעקטישער איינהײַט פונ דענקענ און שפּראַכ מיט דעמ געזעלשאַפטלעכנ באזיס. היסטאָריזמ אינעמ מארקסיסטישנ זינענ איז אויכ אינ שפּראַכ, ווי ביקלאל, „פּאָליטיק מיטנ פּאָנעמ צו דער פארגאנגענהײַט“ (פּאָקראָווסקי), וואָס באלײַכט די רעאלע הײַנטצײַטיקע פּאָליטיק פונעמ ארבעטער־קלאס, דערינ אויכ זײַנ שפּראַכ־פּאָליטיק פארנ הײַנט און פאר דער צוקונפט.

ספּעציעל וועגנ דעמ אופקומ פונ קלאנגענ־שפּראַכ און וועגנ דער דיאַלעקטישער איינהײַט צווישנ שפּראַכ און דענקענ מיטנ ארבעט־פּראָצעס האָבנ מיר עגעלסעס בארימטע ארבעט וועגנ דעמ „אָנטייל פונ ארבעט אינעמ פּראָצעס פונ פארמענטשלעכנ די מאלפּע“ [1].

דאָ ווערט געגעבנ א קלאָר בילד וועגנ דעמ אופקומ פונעמ דענקענ און פונ דער שפּראַכ אינ פארבינדונג מיטנ ארבעט־פּראָצעס. דער גענעזיס פונ געגלידערטער קלאנגלעכער שפּראַכ ווערט דאָ אײַנגעזוענ אינ דעמ סאָציאַל־פּראָדוצירישנ אופווירקנ און באארבעטנ די פיזישע נאטור פונעמ מענטשנ:

„די אנטוויקלונג פונ דער ארבעט האָט נויטווענדיק מיטגעווירקט, אז די מיטגלידער פונ דער געזעלשאפט זאָלנ זיכ ענגער באהעפטנ, ווײַל אדאנק דער אנטוויקלונג פונ דער ארבעט זײַנען געוואָרנ אָפטער די פאלנ פונ קעגנזײַטיקער אונטערשטיצונג פונ געמיינזאמער טעטיקײַט, און פאר יעדנ איינצלנעמ מיטגליד איז קלאָר געוואָרנ די נוצלעכקײַט פונ אזא צוזאמענדיקער טעטיקײַט. די ווערנדיקע מענטשנ זײַנען געקומענ דערצו, אז בא זיי האָט זיכ באוויזנ א באדערפעניש עפּעס צו זאָגנ איינער דעמ אנדערנ. די באדערפעניש האָט זיכ אויכ געשאפנ אנ אָרגאנ: די אומאנטוויקלטע קעל פונ דער מאלפּע ווערט איבערגעשטאלטעט לאנגזאמ, אָבער אומאָפּגעווענדט דורכ בעהאדראָגיק־שטײַגנדיקע מאָדוליאציעס, און די מויל־אָרגאנענ האָבנ זיכ בעהאדראָגעדיק אויסגעלערנט ארויסצוברענגענ איינ ארטיקולירטנ קלאנג נאָכ דעמ אנדערנ...

צוערשט ארבעט, דערנאָכ און באנאנד דערמיט דאָס ארטיקולירטע רײדנ זײַנען געוואָרנ די הויפּט־סטימולנ, וואָס אונטער זייער ווירקונג האָט דער מארכ פונ דער מאלפּע בעהאדראָגע געקענט פארוואנדלט ווערנ אינ א מענטשלעכנ מארכ, וואָס בא

[1]) Friedrich Engels. Naturdialektik. Der Anteil der Arbeit an der Menschenwerdung des Affen.

> דער גאנצער ענלעכקייט אינ דער גרונט־כטרוקטור שטייגט ער אריבער דעמ ערשטנ מיט זיינ גרייס אונ פולקומענקייט"... [1]).

די פילצאָליקע נאטוראליסטישע אונ אנדערע טעאָריעס וועגנ דעמ אופקומ פונ דער מענטשלעכער שפראכ האָבנ ווייניקער ווי אלצ אייַנגעזוענ אָט די קוואליטעט פונ דער שפראכ, וואָס איז ניט בלויז א געוווער פונ אָרגאניזירנ דעמ פראָדוצירישנ פראָצעס, נאָר וואָס איז גופע א פראָדוקט פונ אָט דעמ מענטשלעכנ פראָדוצירישנ פראָצעס.

## IX. באמ אופבלי פונעמ פארגלייַכיקנ היסטאָרישנ שפראכוויסנ

מארקס אונ ענגעלס האָבנ הויכ געשעצט די דערגרייכונגענ פונעמ פארגלייַכיקנ היסטאָרישנ שפראכוויסנ, וואָס האָט דאנ געהאלטנ אינ זייַנ בלי־פעריאָד, האגאמ זיי האָבנ גוט געוווכט זייַנע קלאסנ־וואָרצלענ. די גרונטלייגער פונ פארגלייַכיקנ שפראכ־וויסנ האָבנ דאָכ פאקטיש די ערשטע קעגנגעשטעלט דער מעטאפיזישער פילאָלאָגיע פונ די פריקע יאָרהונדערטער (ביזנ 18־טנ י. ה.) דעמ עוואָליוציאָניסטישנ פאר־גלייַכ־היסטאָרישנ מעטאָד אינ דער לינגוויסטיק, וואָס אָנהייב 19־טנ יאָרהונדערט הייבט זי זיכ אָנ ארויסטיילנ פונ דער פילאָלאָגיע. בא דער גאָרער אייגזייטיקייט פונ פארגלייַכ־היסטאָריזמ האָט דאָכ אָט דער מעטאָד מיטגעבראכט, אז דאָס שפראכוויסנ „האָט זיכ שטארק אונ דערפאָלגרייַכ אנטוויקלט די לעצטע 60 יאָר" (ענגעלס).

אָט די „דערפאָלגרייַכקייט" איז אינ עצעמ שוינ געווענ באדינגט פונ פריער, אינ די אָפגאנג־יאָרנ פונ אָפגעלעבטנ מיטלאלטער אונ אינ דער אופגאנג־צייַט פונעמ יונגנ קאפיטאליזמ. אינ קרייַז פונ שפראכ־דערלערנונג זייַנענ אריינגעצויגנ געוואָרנ אלצ נייַע אונ נייַע שפראכטיפנ. געשטויסנ דערצו האָבנ די אָנוואקסנדיקע קאפיטא־ליסטישע פארהעלטענישנ—געאָגראפישע אנטדעקונגענ, האנדל־רייַזעס, וועלט־האנדל, ביקלאל די שטייַגנדיקע קאָלאָניזיר־טענדענצנ פונ קאפיטאליזמ אינ זייַנ באַרירונג מיט מיט נייַע שפראכנ, וואָס ס'איז אימ נייטיק געווענ זיי צו וויסנ אונ צו דערלערנענ. געוואקסנ איז אויכ דער נאציאָנאלער זעלבכטבאוווסטזייַנ פונ דער יונגער בורזשואזיע אונ צוזאמענ דערמיט איז געוואקסנ דער שטארקער אינטערעס צו די „אייגענע" נאַ־ציאָנאלע קולטורנ, צו נאציאָנאלע שפראכנ, צו די לעבעדיקע אייראָפייִשע שפראכנ, אייגנטלעכ, צו דער קולטור אונ שפראכ פונעמ הערשנדיקנ בורזשואזנ קלאס (אינ איר באגינ האָט פריער די אופגייענדיקע בורזשואזיע ארויסגעוויזנ א באזונדער אינ־טערעס צו דער אנטיקישער קולטור אונ צו די אלטע שפראכנ, אונ אָט דעמ אנטי־קישנ „אלמענטשלעכנ" טאָכ האָט זי זיכ געפרווט קעגנשטעלנ דעמ פעאָדאלנ מיטל־אלטער).

אָט „דאָס וויכטיקסטע מיטל פונ מענטשלעכנ פארקער" האָט די בורזשואזיע מיט פלייַס ארויסגעהויבנ אונ פארפעסטיקט. עקאָנאָמיש באדינגט איז עס געווענ דער־מיט, וואָס

> „צוליבנ פולנ ניצאָכנ פונ דער כווירע־פראָדוקציע איז פאר דער בורזשואזיע נויטווענדיק דאָס פארכאפנ דעמ אינערלעכנ מארק, נויטווענדיק די מעלוכישע

[1]) דאָרטנ.

קאָנצענטראַציע פֿונ טעריטאָריע מיט א באַפֿעלקערונג, וואָס רעדט אַפֿ דער אייגענער שפּראַכ, באַזײַטיקנדיק אַלע שטערונגענ פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿונ אָט דער שפּראַכ אונ פֿאַר איר פֿאַרפֿעסטיקנ זיכ אינ דער ליטעראַטור" [1]).

אָנהייב 19־טנ יאָרהונדערט טיילט זיכ די לינגוויסטיק ארויס פֿונ דער פֿילאָלאָגיע. עס קומט דאַנ אָנ די עפּאָכע פֿונ איר וויסנשאַפֿטלעכנ (בורזשואַז־וויסנשאַפֿטלעכנ) וווּקס אונ שטײַגנ, פֿונ איבערשאַצנ פֿעאָדאַלע ווערטנ, פֿונ שאַפֿנ נײַע בורזשואַז־רעוואָליוציאָנערע וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָראַלגעמיינערונגענ. אָט די גרויסע אַרבעט האָבנ דאַנ געטאָנ, יעדערער אַפֿ זײַנ שטייגער, די גרונטלייגער פֿונ פֿאַרגלײַכיקנ שפּראַכ־וויסנ—הומבאָלדט, באָפּ, גרים.

מאַרקס אונ ענגעלס האָבנ געוווּסט דעם פּראָגרעסיווּ ווערט פֿונ אַזאַ אַרבעט פֿאַר יענער צײַט, האָבנ זי געשיצט פֿונ פֿאַרשיידנערליי אָנפֿאַלנ מיצאַד דער אַוו־טאָריטאַרער פֿעאָדאַלער אידעאָלאָגיע, מיצאַד אַזוינע, אַשטייגער, ווי רוגע,

„אָט דעם אַלטנ. אייזל, וואָס זײַנ הויפּט־אויפֿגאַבע איז דער קאַמפֿ קעגנ מאַ־טעריאַליזם, נאַטורוויסנשאַפֿטלעכנ אונ אינדוסטריעלנ, item [2]) קעגנ פֿאַרגלײַ־כיקנ שפּראַכוויסנ, וואָס איז איצט אינ דער מאָדע א. אַז. וו. קורצ, קעגנ אַלצ, וואָס פֿאָדערט פֿינקטלעכע יעדיעס" [3]).

„...סאַנסקריט איז, אַגעוו, באַקאַנט בלויז מיטנ מעטאָד פֿונ פֿאַרגלײַכנ בא ליטעראַטנ אונ פֿלאַפֿלער, מיטנ מעטאָד, וואָס ברענגט צו יענעם טיפֿזיניקנ אויספֿיר, אַז סאַנסקריט איז ניט ברונאָ, אונ ברונאָ איז ניט סאַנסקריט. ער איז אָבער, פֿאַרשטייט זיכ, אינגאַנצנ נישט באַקאַנט מיט די וויסנשאַפֿטנ, וואָס האָבנ צו גרויסע דערפֿאָלגנ דערגרייכט בלויז אַדאַנק דעם פֿאַרגלײַכנ אונ דעם אײַנשטעלנ פֿאַרשיידנקײַטנ אינ דער ספֿערע פֿונ פֿאַרגלײַכנ...מיט אַזוינע וויסנ־שאַפֿטנ, ווי פֿאַרגלײַכיקע אַנאַטאָמיע, באָטאַניק, שפּראַכוויסנשאַפֿט" [4]).

באַם דערלערנענ שפּראַכנ, אינ זייערע קעסיידערדיקע עטימאָלאָגישע אונ סע־מאַנטישע אויסזוכונגענ, באַנוצנ זיכ מאַרקס אונ ענגעלס מיט גרימס גרויסנ ווערטער־בוכ, מיט זײַנ געשיכטע פֿונ דײַטש. „גרימס דײַטשישע גראַמאַטיק האָט מאַרקס גע־קענט מיט אַלע אירע פּראָטים, אונ אינ גרימס דײַטשישנ ווערטערבוכ האָט ער זיכ פֿאַנאַנדערגעקליבנ בעסער פֿונ מ"ר, א פֿילאָלאָג",—דערציילט ווילהעלם ליבקנעכט אינ זײַנע זיכרוינעס [5]).

אינ א ריי ערטער רעדט ענגעלס מיט גרויס באַפֿרידיקונג וועגנ אָט די לינג־וויסטישע אַרבעטנ פֿונ דעם „אַלטנ", וואָס איז מאַמעש אַנטציקנדיק.

אָבער דאָס שטערט קלאָל ניט די גרונטלייגער פֿונ מאַרקסיזם צו וויסנ מיט ווע־מעס קלאַסנ־פֿאַרשטייער זיי האָבנ דאָ בעעצעם צו טאָנ:

---

[1]) Ленин. О праве наций на самоопределение. Соч. т. XVII (2-ое изд.).

[2]) אונ אויכ.

[3]) פֿונ מאַרקס בריוו צו ענגעלסנ 24־טנ נאָיאַבער, 1857 יאָר.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. XXII

[4]) К. Маркс и Ф. Энгеьлс. Соч. т. IV, 1932, Нем. идеология, 429.

[5]) В. Либкнехт. Из воспоминаний о Марксе.

К. Маркс. Избр. соч. т. I. Москва, 1933.

„אזויווי די געזאָלאָגנ, אפילע די גרעסטע, ווי קיוויע, אשטײגער, טײַטשנ אויס געוויסע factes [1] אינגאנצנ קאפויר, אזוי איז אויכ די פילאָלאָגנ פונ אזא force [2]), ווי גרימ, זעצנ איבער ניט ריכטיק די סאמע אײנפאכע לאטײַנישע פראזעס, ווײַל זײ געפינענ זיכ אונטער דער ווירקונג פונ מעזערנ אונ אז. וו. (וואָס איז אנטציקט, געדענקט זיכ מיר, דערפונ, וואָס בא די גערמאנער האָט קײנמאָל ניט עקזיסטירט קײנ „פרײַהײַט“, אָבער דערפאר „מאכט די לופט פאר א לײַבײגענעמ“ [3]).

פאר די גרונטלײגער פונ מארקסיזמ איז ווידער קלאָר געווענ דער דראנג צו „רײנער וויסנשאפט“ באמ ראָוו פאָרשטײער פונ פארגלײַכ־היסטאָריזמ, וואָס איז אינ אלע צײַטנ מער געווענ פארטאָג אינ פאָרמאליסטיש־פאָנעטישע קאָדיפיקאציעס, וואָס איז אינ שפראכ ווײַט אונ דערווײַטערט געווענ פונ פרינציפיעל־אידעאָלאָגישער, מעטאָדאָלאָגיש־פילאָסאָפישער שטעלונג, פארבונדנ מיט דער אנטוויקלונג פונ דער מאטעריעלער קולטור אונ פונ דער קלאסנ־געזעלשאפט. אינ לעצטנ גרונט האָט עס געזאָלט שיצנ דעמ באוווסטזײַנ אונ שוינ בעמײלע דאָס זײַנ פונעמ הערשנדיקנ בורזשואזנ קלאס, אָפּצאמענ אימ ווײַטמעגלעכ פונ די פאקטנ פונ קלאסנ־דיפערענציאציע אונ קלאסנקאמפ אינ שפראכ.

אינ א בריוו צו ענגעלסנ רעדט מארקס וועגנ לאסאלס „העראקליט“ [4]), וואָס איז „אינ עצעמ זײער א לעפּיש ווערק“:

„... דו זעסט, ווי דער באָכער שרעקט זיכ פאר זיכ אלײנ אינ דעמ גלאנצרײַכ פונ פילאָלאָגנ, אונ וויאזוי ער באוועגט זיכ מיט דער גראציע פונ א מענטשנ, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל אינ לעבנ אָנגעטאָנ fashionable dress [5]). אזוי ווי די מערהײַט פילאָלאָגנ איז ניט באקאנט מיט קײנ ספעקוליאטיווע באגריפנ, וואָס הערשנ בא העראקליטנ, האָט דעריבער יעדער העגעליאנער, געווײנטלעכ דעמ אומבאשטרײַטבארנ פאָרצוג צו פארשטײנ דאָס, וואָס עס פארשטײט ניט קײנ פילאָלאָג (ס׳וואָלט, אגעוו, מאָדנע געווענ, ווענ, דורכ דערלערנענ די גריכישע שפראכ, וואָלט א מענטש דורכ דעמ אלײנ געוואָלט ווערנ א גריכישער פילאָסאָפ, ניט זײַענדיק קײנ דײַטשישער פילאָסאָפ) [6])...

באדארפ מענ אלזאָ וויסנ די סאָציאלע וואָרצלענ אונ דעמ בורזשואז־באגרענעצטנ טאָכ פונ פארגלײַכיקנ שפראכוויסנ לויט זײַנע פארשײדענע ארויסווײַזונגענ. מע דארפ אָבער אויכ וויסנ פונ זײַנ רײַכקײַט מיט לינגוויסטישנ מאטעריאל אונ פונ זײַנ בורזשואז־רעוואָליוציאָנערער געווענדטקײַט אינ געוויסע בלי־עטאפנ, קעדײ קריטיש „אופהײבנ“ אונ אויסנוצנ די דאָזיקע לינגוויסטישע ירושע.

---

[1]) פאקטנ.

[2]) קאליבער (פארנעמ).

[3]) פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ 25/3-1868 К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. XXIV.

[4]) ס׳ווערט דאָ געמײנט לאסאלס בוכ: „Philosophie Heraklits des Dunkeln fon Ephesus“ (בערלינ 1858).

[5]) עלעגאנטער קאָסטיומ.

[6]) פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ 1 פעווראל 1858 י. К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т XXII.

מיר קענען איצט אונטערציִען א קורצן סאכאקל פון דעם, וואָס מיר האָבן ביז אהער ארויסגעבראכט.

1. די קלאסיקער פונעם מארקסיזם האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דעם טיפסטן אינטערעס צו שפּראך און שפּראכוויסן, — „יעדערער פון זיי איז אפ זײַן שטייגער געווען א מײַסטער פון שפּראך און יעדערער א געניאַלער לינגוויסט" (מערינג). אין פארשיידנערליי שפּראך־אָפּשניטן האָבן זיי געגעבן גרונטיקע און גרונטלייגנדיקע מאטעריאלן, אָנווײַזונגען און פאָרמולירונגען, וואָס באלײַכטן און פארלײַכטערן דעם וועג צום מארקסיסטיש־לענינישן שפּראכוויסן. ס'איז איצט באזונדערס אקטועל וואָס גיכער און וואָס גרינטלעכער צו באפרוכפּערן זיך מיט אָט דער ספּעציעלער שפּראך־ירושע פון דער גאָרער מארקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע.

2. זײַן און באוווסטזײַן זײַנען א דיאַלעקטישע איינהײַט, ווי א דיאַלעקטישע איינהײַט איז באוווסטזײַן (דענקען) און זײַן גרונט־עלעמענט — שפּראך, וואָס איז דער רעאַלער פּראקטישער באוווסטזײַן. אין אָט דער איינהײַט פון זײַן, באוווסטזײַן און שפּראך איז דער שליסל צו דער קאָמפּליצירטער און פילפאכיקער שפּראך־פּראָבלעם, צו איר אופקום און היסטאָרישן גאנג, צו אירע איצטיקע און קומענדיקע עטאפּן.

זײַן, באוווסטזײַן און שפּראך איז אן איינהײַט, אָבער ניט קיין אידענטישקײַט, — דאָס זײַנען די אסימפּטאָטעס, וואָס נעענטערן זיך די גאנצע צײַט, ניט צונויפאלנדיק אינגאנצן. די צווישנבאציִונג און קעגנזײַטיקע באווירקונג איז דאָ זייער א קאָמפּליצירטע און א פילארטיקע. באשטימענדיק איז דאָ אלעמאָל דאָס זײַן — די עקאָנאָמיק, — אָבער באשטימענדיק איז עס אינעם לעצטן סאכאקל, און ס'איז ניט דאָס איינציק באשטימענדיקע. האָבן מיר בא די גרונטלייגער פונעם מארקסיזם די טיפסטע און אינטערעסאנטסטע ארויסזאָגונגען צו דער פּראָבלעם פון אבסטראקטן און קאָנקרעטן אין שפּראך־פארקערפּערונג, צו דער דינאמיק און איבערגענגלעכקײַט פון באזונדערן און געמיינזאמען אינעם לעקסיש־סעמאנטישן שטאָף.

3. שפּראך איז א געזעלשאפטלעכער פּראָדוקט. איר מעהוס, איר ספּעציפיק באשטייט דערין, וואָס רעאַלער פּראקטישער באוווסטזײַן איז זי ניט אנדערש, ווי אינעם פּראָצעס פונעם מענטשלעכן פארקער און פון מענטשלעכע פּראָדוקציע־פארהעלטענישן. דערין באשטייט אויך איר קלאסן־טאָך, אפ וויפל קלאסעווע ס'איז נאָך די געזעלשאפט גופע. בא מארקסן און בא ענגעלסן האָבן מיר וויכטיקע ארויסזאָגונגען וועגן די צוויי שפּראכן אין דער איינער שפּראך, וועגן סאָציאַלער דיפערענציאַציע אין שפּראך, וועגן קאָנקרעטער שפּראך־אָנווענדונג און וועגן שפּראך־פּאָליטיק בא פארשיידענע קלאסן. אָט די האנאָכעס רעגן באזונדערס אָן פאר הײַנטערדיקן פאנאנדערארבעטן די פּראָבלעם פון שפּראך אלס „געזעלשאפטלעכן פּראָדוקט" און אלס געוווער אין קלאסנקאמף.

4. בא מארקסן און בא ענגעלסן האָבן מיר קלאָרע ארויסזאָגונגען צו דער פּראָבלעם פון אופקום און אנטוויקלונג פון שפּראך.

5. מיר האָבן בא מארקסן און בא ענגעלסן ספּעציעלע ארויסזאָגונגען אפ סעמאנטיש־עטימאָלאָגישע טעמעס, וואָס ווײַזן, וויאזוי צו דערלערנען קאָנקרעטן שפּראכשטאָף אין העסקעם מיטן פּראָדוצירישן פּראָצעס. מיר טרעפן דאָ ביקלאל

פיל העכסט־באַלערעיודיקע אַרויסזאָגונגען צו וואָרט־אָנווענד און צו וואָרט־דיפֿע־רענציאַציע.

6. בײַ די גרונטלייגער פֿונעם מאַרקסיזם איז קלאָר די שטעלונג צום בורזשואַזן שפּראַכוויסן, וואָס דאַרף קריטיש „אופֿגעהויבן" ווערן פֿאַר דער שפּראַך און שפּראַכוויסן פֿונעם פּראָלעטאַריאַט.

בײַ די גרונטלייגער פֿונעם מאַרקסיזם האָבן מיר, אַלזאָ, אויך פֿאַר שפּראַך אַ גענוג פֿולן קאָמפּלעקס גרונטלייגנדיקע האַנאָכעס. קלאָר, אַז אָט די האַנאָכעס בילדן בלויז אַ טייל פֿון דער מאַרקסיסטישער מעטאָדאָלאָגיע, וועלכע איז אינגאַנצן גענומען שייַך אויך צו שפּראַך, פּונקט אַזויווי צו אַנדערע געביטן.

די מאַרקסיסטיש־לעניניש לינגוויסטיק טוט און אַרבעט שוין אַף דער באַזע פֿון אָט דעם רײַכן מאַטעריאַל. זי האָט שוין דאָ היפּשע דערגרייכונגען אין געביט פֿון שפּראַך־טעאָריע און שפּראַך־פּאָליטיק. נאָכמער שטייט איר ערשט פֿאָר צו דערגרונטעווען זיך און צו קאָנקרעטיזירן לויט אָט דעם דאַנקבאַרסטן מאַטעריאַל, קעדיי אופֿצושטעלן דעם גאַנצן גרויסן געבײַ פֿונעם נײַעם שפּראַכוויסן לויט זײַנע פֿאַרשיידענע אָפּשניטן. אָט די אַרבעט איז דורכויס געוויכערט, ווען מע נעמט אַלס אויסגאַנג־פּונקט מאַרקסן, ענגעלסן און זייערע גרויסע נאָכקומער.

מיר ברענגען ווײַטער מאַרקס און ענגעלסעס ק אָ נ ק ר ע ט ע אַרויסזאָגונגען וועגן שפּראַך. דאָס איז געוויס ניט אַלץ, וואָס ס'איז פֿאַראַן אין דעם פּראַט בײַ די גרונטלייגער פֿונעם מאַרקסיזם. טיילווײַז זײַנען עס שוין הײַנט צו טאָג פּאָפּולערע אַרויסזאָגונגען, וואָס אַן זיי שטעלן מיר זיך גאָרניט פֿאָר וואָסער עס איז אַרבעט אין געביט פֿון שפּראַך. אַף דער מאַרקס־ענגעלס־ירושע, ווי בײַקלאַל אַף דעם מאַרקסיסטיש־לעניניש מאַטעריאַל דאַרף מען נאָך ווײַטער אַרבעטן, ספּעציעל אויך אין געביט פֿין שפּראַך און שפּראַכוויסן.

יונ, 1933 י.

---

# מאַרקס און ענגעלסעס אַרויסזאָגונגען
# וועגן שפּראַך

# באוווסטזייַן איז באוווסטיקט זייַן. שפּראַך איז רעאַלער באוווסטזייַן

די פּראָדוקציע פון אידייעס, פון פאָרשטעלונגען, פון באוווסטזייַן איז צוערשט אומיטלבאַר אַרייַנגעפלאָכטן אין דער מאַטעריעלער טעטיקייַט און אין דעם מאַטעריעלן פאַרקער צווישן מענטשן—אין דער שפּראַך פונעם רעאַלן לעבן. פאָרשטעלונגען, דענקען, גייַסטיקער פאַרקער צווישן מענטשן דרינגען דאָ נאָך אומיטלבאַר אַרויס פון דער מאַטעריעלער צווישנבאַציִונג פון די מענטשן. דאָס זעלביקע קען מען זאָגן וועגן דער גייַסטיקער פּראָדוקציע, ווי זי ווערט אויסגעדריקט אין דער שפּראַך פון פּאָליטיק, פון געזעצן, פון מאָראַל, פון רעליגיע, מעטאַפיזיק א.אז.וו. פון דעם אָדער יענעם פאָלק. די מענטשן זייַנען די פּראָדוצירער פון זייערע פאָרשטעלונגען, אידייעס א.אז.וו.,—אָבער די ווירקלעכע, די ווירקנדיקע מענטשן, ווי זיי זייַנען באַדינגט דורך דער באַשטימטער אַנטוויקלונג פון זייערע פּראָדוציר־קרעפטן און דורך דעם פאַרקער, וואָס אַנטשפּרעכט צו דער דאָזיקער אַנטוויקלונג אַזש ביז אין די ווייַטסטע פאָרמאַציעס. באוווסטזייַן (das Bewusstsein) קען קיינמאָל ניט זייַן עפּעס אַנדערש, ווי נאָר באוווסטיקט זייַן (das bewusste Sein), און דאָס זייַן פון די מענטשן—דאָס איז דער רעאַלער פּראָצעס פון זייער לעבן. אויב אין דער גאָרער אידעאָלאָגיע קומען אויס די מענטשן און זייערע באַציִונגען ווי אַוועקגעשטעלט מיטן קאָפּ אַראָפּ, גלייַך ווי אין א קאַמער־אָבסקורע, דרינגט אויך די דאָזיקע דערשייַנונג אַרויס פונעם היסטאָרישן פּראָצעס פון זייער לעבן, פּונקט אַזוי ווי די פאַרקערטע אָפּבילדונג פון זאַכן אַפן נעצהייַטל דרינגט אַרויס פון דעם אומיטלבאַרן פיזישן פּראָצעס פון זייער לעבן...

... מאָראַל, רעליגיע, מעטאַפיזיק און אַנדערע מינים אידעאָלאָגיע און די פאָרמעס פונעם באוווסטזייַן, וואָס אַנטשפּרעכן צו זיי, פאַרלירן אַזוי־אַרום די שייַנבאַרקייַט פון זעלבשטענדיקייַט. זיי האָבן ניט קיין געשיכטע, זיי האָבן ניט קיין אַנטוויקלונג; די מענטשן, וואָס אַנטוויקלען זייער מאַטעריעלע פּראָדוקציע און זייער מאַטעריעלן פאַרקער,— ענדערן אינאיינעם מיט דער ווירקלעכקייַט אויך זייער דענקען. ניט דער באוווסטזייַן באַשטימט דאָס לעבן, נאָר דאָס לעבן באַשטימט דעם באוווסטזייַן.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. IV.
Немецкая идеология (I. Фейербах), 1933, 16—17.

דער עמפּיריקער ציט זיך אַזוי אַרייַן אין דער געוויינהייַטלעכער פאַר אים עמ־פּירישער דערפאַרונג, אַז זיך שטעלט ער נאָך אַלץ פאָר אינעם געביט פון קושיות, פון דערפאַרונג אפילו דאַן, ווען ער האָט צו טאָן מיט אַבסטראַקציעס. מיר ווייסן,

וואָס עס איז אזוינס שאָ, מעטער, מיר ווייסנ אָבער ניט, וואָס איז אזוינס צײַט אונ רוימ. פּינקטלעכ איז צײַט ניט עפּעס אנדערש, ווי די סומע שאָענ, אונ רוימ איז ניט עפּעס אנדערש, ווי די סומע קובישע מעטערס. בײדע עקזיסטענצ־פאָרמעס פונ דער מאטעריע אָנ דער דאָזיקער מאטעריע זײַנענ, פארשטייט זיכ, גאָרניט, בלויז א פּוסטע פאָרשטעלונג, אנ אבסטראקציע, וואָס עקזיסטירט בלויז בא אונדז אינ קאָפּ. מיר זײַנענ אָבער ניט פעיִק צו דערקענענ, וואָס איז אזוינס מאטעריע אונ באוועגונג. ניט פעיִק, פארשטייט זיכ, ווײַל מאטעריע אלס אזעלכע, באוועגונג אלס אזעלכע האָט נאָכ קיינער ניט געזענ אונ ניט אויסגעפּרוּווט אפ א וואָסערנ ס'ניט איז אנדער אופנ: די מענטשנ האָבנ צו טאָנ בלויז מיט פארשיידענע רעאל־עקזיסטירנדיקע מאטעריעס אונ פאָרמעס פונ באוועגונג. שטאָפּ, מאטעריע איז ניט עפּעס אנדערש, ווי דער קאָמפּלעקס פונ אלע זינלעכ־אופנעמבארע פאָרמעס פונ באוועגונג; אזוינע ווערטער, ווי „מאטעריע“ אונ „באוועגונג“ — דאָס זײַנענ פּאָשעטע פארקירצונגענ, וואָס אינ זיי רעזיומירנ מיר, לויט זייערע געמיינזאמע אייגנשאפטנ, פארשיידענע זינלעכ־אופנעמבארע זאכנ.

Ф. Энгельс. Приложение к Анти-Дюрингу.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XIV, 1931, 355.

...אינ יעדער עפּאָכע זײַנענ די געדאנקענ פונעמ הערשנדיקנ קלאס די הערשנדיקע געדאנקענ, ס'הייסט, דער קלאס, וואָס שטעלט פאָר מיט זיכ די הערשנדיקע מאטעריעלע קראפט פונ דער געזעלשאפט, איז צו דער זעלביקער צײַט אויכ איר הערשנדיקע גײַסטיקע קראפט. דער קלאס, וואָס האָט אינ זײַנ רעשוס די מיטלענ פונ דער מאטעריעלער פּראָדוקציע, פארמאָגט מאכמעס דעמ אויכ די מיטלענ פונ דער גײַסטיקער פּראָדוקציע, אזוי, אז אדאנק דעמ זײַנענ צו אימ אינ דער זעלביקער צײַט אינאלגעמיינ אונטערגעוואָרפנ די געדאנקענ פונ די, וואָס האָבנ ניט קיינ מיטלענ פאר גײַסטיקער פּראָדוקציע. די הערשנדיקע געדאנקענ זײַנענ ניט עפּעס אנדערש, ווי דער אידעאלער אויסדרוק פונ די הערשנדיקע מאטעריעלע פארהעלטענישנ. [מיט אנדערע ווערטער:] די הערשנדיקע מאטעריעלע פארהעלטענישנ, אויסגעדריקט אינ געדאנקענ; ס'הייסט, [דאָס איז דער אידעאלער אויסדרוק] פונ די באציִונגענ, וואָס מאכנ אָט דעמ איינעמ קלאס פאר דעמ הערשנדיקנ, ס'הייסט, דאָס זײַנענ די געדאנקענ פונ זײַנ הערשאפט. די אינדיווידנ, פונ וועלכע ס'באשטייט דער הערשנדיקער קלאס, פארמאָגט, צווישנ איבעריקנ, אויכ באוווסטזײַנ, אונ מאכמעס דעמ דענקענ זיי; ס'איז דעריבער זעלבסטפארשטענדלעכ, אז אפ וויפל זיי הערשנ גראָד אלס קלאס אונ באשטימענ די געגעבענע היסטאָרישע עפּאָכע אפ איר גאנצנ שעטעכ, טוענ זיי עס אינ אלע אירע געביטנ, ס'הייסט, זיי הערשנ אויכ אלס דענקענדיקע, אלס פּראָדוצירער פונ געדאנקענ, זיי רעגולירנ די פּראָדוקציע אונ דעמ פארטייל פונ די געדאנקענ פונ זייער צײַט, אונ דאָס באטײַט, אז זייערע געדאנקענ זײַנענ די הערשנדיקע געדאנקענ פונ דער עפּאָכע. אינ אזא צײַט, צומ בײַשפּיל, איז אינ אזא לאנד, ווו די קיניגלעכע מאכט, די אריסטאָקראטיע אונ די בורזשואזיע שטרײַטנ איבער דער הערשאפט, ווו די הערשאפט איז אזויארומ פאנאנדערגעטיילט, — דאָרט טרעט ארויס אלס הערשנדיקער געדאנק די לערע וועגנ דער פאנאנדערטיילונג פונ דער מאכט, וואָס וועגנ דעמ רעדט מענ, ווי וועגנ אנ „אייביקנ געזעצ“. די ארבעט־

צעטיילונג, וואָס דערינ האָבנ מיר שוינ אויבנ... געפונענ איינע פונ די הויפּט־קרעפטנ
פונ דער פריִערדיקער געשיכטע, ווײַזט זיכ איצט ארויס אויכ אינעם הערשנדיקנ
קלאַס אינ דער פאָרמ פונ פאַנאַנדערטיילונג אפּ גײַסטיקער און מאַטעריִעלער אר־
בעט, אזוי אז אינעווייניק אינ אָט דעמ קלאַס טרעט ארויס איינ טייל אלס די
דענקער פונעמ דאָזיקנ קלאַס (זײַנע אקטיווע, פייִקע צו פאראלגעמיינערונגענ
(konzeptive) אידעאָלאָגנ פונעמ קלאַס, וואָס מאכנ פארנ הויפּט־קוואל פונ זייער
כאיונע דאָס פאַנאַנדערארבעטנ די אילוזיעס פונ אָט דעמ קלאַס וועגנ זיכ אליינ),
דאַנ ווענ אנדערע באצייִענ זיכ צו די דאָזיקע אילוזיעס מער פּאסיוו און אופנע־
מעוודיק דערפאַר, ווײַל אינ דער ווירקלעכקײַט זײַנענ גראָד זיי די אקטיווע מיט־
גלידער פונ אָט דעמ קלאַס, און זיי האָבנ ווייניק צײַט אפּ צו שאפנ זיכ אילוזיעס
און געדאַנקענ וועגנ זיכ אליינ. אינעווייניק אינ אָט דעמ קלאַס קענ אזא צעשפּאל־
טונג פאַנאַנדערוואקסנ זיכ אפילע ביז צו א געוויסער קעגנשטעלונג און פײַנטשאפט
צווישנביידע טיילנ, וואָס עס פאלט אָבער אָפּ פונ זיכ אליינ בא יעטווידער פּראקטישער
קאָליזיע, ווענ ס'דראָט א געפאר גופע דעמ קלאַס, ווענ ס'פארשווינדט, אזויארום,
אויכ די שײַנבארקײַט, אז די הערשנדיקע געדאַנקענ זײַנענ קלוימערשט ניט די גע־
דאַנקענ פונעמ הערשנדיקנ קלאַס, און אז זיי פארמאָגנ א מאכט, וואָס איז אנדערש,
ווי די מאכט פונ אָט דעמ קלאַס. די עקזיסטענצ פונ רעוואָליוציאָנערע געדאַנקענ
אינ א באשטימטער עפּאָכע זעצט שוינ פאָרויס אויכ די עקזיסטענצ פונ א רעוואָ־
ליוציאָנערנ קלאַס... ווענ אָבער מע טיילט אָפּ, באמ באטראכטנ א היסטאָרישע באַ־
וועגונג, די געדאַנקענ פונעמ הערשנדיקנ קלאַס גופע, ווענ מע גיט זיי צו זעלב־
שטענדיקײַט, ווענ מע באשטייט אקשאָנעסדיק דערופ, אז אינ דער געגעבענער עפּאָכע
האָבנ געהערשט די אָדער יענע געדאַנקענ, ניט נעמענדיק אינ באטראכט די פּראָדו־
ציר־באדינגונגענ און די פּראָדוצירער פונ די דאָזיקע געדאַנקענ, ווענ מע מאכט
אזויארום אינגאנצנ אוועק דעמ גרונט פונ די דאָזיקע געדאַנקענ — די אינדיווידנ און
זייער היסטאָרישע אומגעבונג, וואָס ליגט אינ גרונט פונ די געדאַנקענ—קענ מענ דאַנ,
אשטייגער, זאָגנ, אז אינ דער צײַט, ווענ ס'האָט געהערשט די אריסטאָקראַטיע האָבנ
קלוימערשט געהערשט די באגריפנ: ערע, טרײַהײַט א. ד. גל. און אינ דער צײַט
פונ דער הערשאפט פונ דער בורזשואַזיע—די באגריפנ: פרײַהײַט, גלײַכהײַט א. ד. גל.
גופע דער הערשנדיקער קלאַס שטעלט זיכ עס אינאלגעמיינ אזוי טאקע פאָר. אָנגע־
הויבנ דעריקער פונעמ 18־טנ יאָרהונדערט, וועט מענ זיכ נויטוועגדיק אָנשטויסנ אפּ
דער דערשײַנונג, וואָס ס'הייבנ אָנ אלצ מער און מער הערשנ אבסטראקטע געדאַנקענ,
ד. ה. אזוינע געדאַנקענ, וואָס געמענ אָנ אלצ מערער די פאָרמ פונ אלגעמיינקײַט.
די זאכ באשטייט אינ דעמ, וואָס יעדער נײַער קלאַס, וועלכער שטעלט זיכ אפּנ אָרט
פונעמ קלאַס, וואָס האָט געהערשט ביז אימ, איז שוינ גופע צוליב פארווירקלעכנ
זײַנע אופגאבעס געצוווּנגענ פאָרצושטעלנ זײַנ אינטערעס אלס דעמ אלגעמיינעמ אינ־
טערעס פונ אלע מיטגלידער פונ דער געזעלשאפט, ד. ה. אויסדריקנדיק זיכ אידע־
אליש: ער איז געצוווּנגענ צוגעבנ זײַנע געדאַנקענ די פאָרמ פונ אלגעמיינקײַט, פאָר־
צושטעלנ זיי אלס די איינציק־פארנונפטיקע, אלגעמיינ־באטײַטיקע געדאַנקענ. דער
קלאַס, וואָס מאכט א רעוואָליוציע,—שוינ דערפאר אליינ, וואָס ער שטייט קעגנ א
קלאַס,—טרעט ארויס פונ סאמע אָנהייב אָנ ניט אלס קלאַס, נאָר אלס פאָרשטייער פונ

דער גאנצער געזעלשאפט; ווי די גאנצע מאסע פונ דער געזעלשאפט שטייט ער אלס קעגנגעוויכט צו דעמ איינציקנ הערשנדיקנ קלאס. דאָס נעמט זיכ דערפונ, וואָס צו־ערשט איז זייַנ אינטערעס ווירקלעכ נאָכ מערער פארבונדנ מיט די אלגעמיינע אינטערעסנ פונ אלע איבעריקע ניט־הערשנדיקע קלאסנ, וואָס אונטערנ דרוק פונ די פארהעלטענישנ, וואָס האָבנ עקזיסטירט ביז דאנ, האָט זיכ זייַנ אינטערעס ניט געקענט אנטוויקלענ אינ א באזונדערנ אינטערעס פונ א באזונדערנ קלאס. לויט דעריבער זייַנ ניצאָכנ אויכ פאר אסאכ אינדיווידנ פונ די אנדערע קלאסנ, וואָס קומענ ניט צו קיינ הערשאפט,—אָבער נאָר אפ אזויפיל, אפ וויפל ער שטעלט אָט די אינדיווידנ אינ אזא לאגע, וואָס דערלויבט זיי ארופצוהייבנ זיכ אינ די רייענ פונעמ הערשנדיקנ קלאס. ווענ די פראנצויזישע בורזשואזיע האָט אייַנגעוואלגערט די הערשאפט פונ דער אריסטאָקראטיע, האָט זי מאכמעס דעמ פאר אסאכ פראָלעטאריער געעפנט די מעגלעכקייַט אופצוהייבנ זיכ איבערנ פראָלעטאריאט, אָבער בלויז אפ אזויפיל, אפ וויפל זיי זייַנענ געוואָרנ בורזשוא. מאכמעס דעמ איז דער יעסאָד, אפ וועלכנ יעדער נייַער קלאס שטעלט אופ זייַנ הערשאפט, ברייטער, איידער דער יעסאָד, אפ וועלכנ ס׳שפארט זיכ אָנ דער קלאס, וואָס האָט געהערשט ביז אימ. דערפאר אָבער אנטוויקלט זיכ דערנאָכ נאָכ שארפער אונ טיפער דער קעגנזאצ צווישנ די ניט־הערשנדיקע קלאסנ מיטנ קלאס, וואָס איז געוואָרנ א הערשנדיקער. אי דאָס אי יענצ באדינגט דעמ אומשטאנד, וואָס דער קאמפ, וועלכנ ס׳קומט אויס צו פירנ קעגנ דעמ נייַעמ הערשנדיקנ קלאס, ברענגט פונ זייַנ זייַט צו א מער אנטשיידענער, מער ראדיקאלער אָפלייקענונג פונ דער פריִערדיקער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, ווי דאָס האָבנ געקענט טאָנ אלע פריִערדיקע קלאסנ, וואָס האָבנ געשטרעבט צו הערשאפט.

אָט די גאנצע שייַנבארקייַט, אז די הערשאפט פונ א באשטימטנ קלאס איז קלוימערשט בלויז די הערשאפט פונ געוויסע געדאנקענ, פארשווינדט, געוויינטלעכ, פונ זיכ אליינ, ווי נאָר די הערשאפט פונ קלאסנ הערט אופ ביקלאל צו זייַנ די פאָרמ פונ דער געזעלשאפטלעכער אייַנאָרדענונג, ווי נאָר, הייסט עס, ס׳וועט מערער ניט נייטיק זייַנ פאָרצושטעלנ א ספעציִעלנ אינטערעס אלס אנ אלגעמיינעמ אָדער „דאָס אלגעמיינע“ אלס דאָס הערשנדיקע.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения, т. IV, 1933.
Немецкая идеология (I. Фейербах), 36—39.

מיר וועלנ ניט נעמענ ציטירנ די מוסטערנ פונ יענער פלאכער אָראקול־קאשע, פונ יענער, פאָשעט גערעדט, שטוסערייַ, וואָס דער הער דיורינג טראָגט אונטער פאר זייַנע לייענער אפ גאנצע 50 זייַטנ, אלס די „גרונט“־לערע וועגנ די עלעמענטנ פונ באוווסטזייַנ. מיר וועלנ ברענגענ בלויז די פאָלגנדיקע שטעל: „ווער ס׳איז פייִק צו דענקענ בלויז מיט דער הילפ פונ דער שפראכ, דער האָט נאָכ קיינמאָל ניט אויסגעפרווט, וואָס עס באטייַט אבסטראקט אונ עכט דענקענ“. אויב אזוי, זייַנענ דאנ באלעכאימ די סאמע אבסטראקטע אונ עכטע דענקער, ווייַל זייער דענקענ שטערט קיינמאָל ניט דאָס אייַנגעגעסענע ארייַנמישנ זיכ פונ דער שפראכ. וואָס איז שייַעכ צו די דיורינגישע געדאנקענ אונ צו דער שפראכ, וואָס דריקט זיי אויס, זעט מענ אלנפאלס קלאָר, ווי ווייניק אָט די געדאנקענ זייַנענ געשאפנ פאר אוואָסערער ס׳ניט איז

שפּראכ אונ ווי ווייניק די דײַטשישע שפּראכ איז געשאפנ פאר די דאָזיקע געדאנקענ.

Ф. Энгельс. Анти-Дюринг.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XIV, 1931, 84.

די אידענטישקײַט פונ דענקענ אונ זײַנ (אָנגעווענדט העגעלס אויסדרוקנ) אנטשפּרעכט דורכויס צו אײַער בײַשפּיל פונ קרײַז אונ פּילעק. סײַ דאָס, סײַ יענצ—אי דער באַגריפ פונ דער זאכ, אי איר ווירקלעכקײַט—באַוועגנ זיכ באַנאנד, ווי צוויי אסימפּטאָטעס [1]), דערנעענטערנדיק זיכ די גאנצע צײַט איינס צום אנדערנ, זיכ קיינמאָל ניט צונויפטרעפנדיק. אָט דער אונטערשייד צווישנ זיי ביידע—דאָס איז טאקע דער אונטערשייד, וואָס ברענגט מיט, אז דער באַגריפ איז ניט די ווירקלעכקײַט אומיטלבאַר, אָנ דעמ ווײַטערדיקנ, אונ די ווירקלעכקײַט איז ניט אומיטלבאַר, אָנ דעמ ווײַטערדיקנ, אונ די ווירקלעכקײַט איז ניט אומיטלבאַר איר אייגענער באַגריפ...

וועגנ דער אייניקײַט פונ באַגריפ אונ דערשײַנונג קאָנ מענ דענקענ ווי וועגנ א פּראָצעס, וואָס איז לויטנ טאָכ אומענדלעכ.

צי האָט דענ דער פעאָדאליזמ ווענ ס'ניט איז אנטשפּראָכנ צו זײַנ באַגריפ? אופגעקומענ אינ מײַרעוו-פראנקרײַכ, זיכ ווײַטער אנטוויקלט אינ נאָרמאניע, דורכ די נאָרוועגער-באַצווינגער, נאָכ ווײַטער פארפולקומט לויט פראנצויזישע נאָרמעס אינ ענגלאנד אונ אינ דאָרעמ-איטאליע,—האָט ער זיכ אלצ מער דערנעענטערט צו זײַנ באַגריפ אינעמ עפעמערישנ יערושאָלאימישנ קיניגטומ, וואָס האָט איבערגעלאָזט נאָכ זיכ אינ די יערושאָלאימישע אסיזנ דעמ קלאסישנ אויסדרוק פונ דער פעאָדאלער אָרדענונג...

די באַגריפנ, וואָס הערשנ אינ דער נאטורוויסנשאפט... פאלנ אויכ ווײַט ניט אלעמאָל צונויפ מיט דער ווירקלעכקײַט... פונ דעמ מאָמענט, זינט מיר האָבנ אָנגענומענ די עוואָליוציע-טעאָריע, אנטשפּרעכנ בלויז אנערעכ צו דער ווירקלעכקײַט אלע אונדזערע באַגריפנ וועגנ דעמ אָרגאנישנ לעבנ. אנדערש וואָלט קיינ אנטוויקלונג ניט געווענ. אינ דעמ טאָג, ווענ באַגריפ אונ ווירקלעכקײַט אינ דער אָרגאנישער וועלט וועלנ אינגאנצנ צונויפפאלנ איינס מיטנ אנדערנ, אינ דעמ טאָג איז אויס אנטוויקלונג. דער באַגריפ „פיש" שליסט אײַנ דאָס לעבנ אינ וואסער אונ דאָס אָטעמענ מיט זשאַברעס. וויאַזוי וועט איר אריבערגיינ פונ פיש צו אמפיביעס, ניט האָבנדיק צעבראָכנ דעמ באַגריפ? איז ער טאקע צעבראָכנ געוואָרנ, אונ מיר ווייסנ אזוינע פיש, וואָס דער לופט-פענכער אינ זיי האָט זיכ ווײַטער אנטוויקלט אינ לונגענ, אונ וואָס קענענ ארײַנאָטעמענ לופט. וויאַזוי קענענ מיר אריבערגיינ פונ רעפּטיליעס, וואָס לייגט אייער, צו מילכזויגערס, וואָס געבוירנ לעבעדיקע קינדער, ניט ברענגענדיק איינעמ פונ אָט די ביידע באַגריפנ אינ א צוזאמענשטויס מיט דער ווירקלעכקײַט? איז טאקע צווישנ די איינקאנאליקע (Monotrema) בא אונדז פאראנ א גאנצער אונטערקלאס מילכזויגערס, וואָס לייגנ אייער. אינ 1843 יאָר האָב איכ אינ מאנטשעסטער געזענ אייער פונ א שנאָבלענט [2]), האָב איכ אינ מײַנ פּאריסענער

[1]) א מאטעמאטישער טערמינ, וואָס באַצייכנט א גראָדע ליניע, וועלכע גייט באַנאנד מיט א קרומער אונ טרעפט זיכ מיט איר קיינמאָל ניט צונויפ. (ע. ס.)

[2]) Утконос. Snabeltier.

באגרענעצטקייַט אָפּגעשפּעט פונ דער נארישקייַט, אז מילכזויגערס זאָלנ לייגנ אייער, אונ איצט איז עס דערוויזנ.

פונ ענגעלסעס בריוו צו קאָנראד שמידטנ דעמ 12־טנ מארט 1895. ציטירט לויט:
В. Адоратский и А. Удальцов. Исторический материализм, 1931, 314—16.

די געלט־נעמענ פונ מעטאל־געוויכטנ טיילנ זיכ אָפּ נאָכאנאנד אלץ מער אונ מער פונ זייערע אורשפּרינגלעכע געוויכט־נעמענ, איבער פארשיידענע סיבעס, וואָס די היסטאָריש־אנטשיידנדיקע צווישנ זיי זייַנענ די פאָלגנדיקע: 1) דאָס אייַנפירנ פרעמדגעלט בא די ווייניקער אנטוויקלטע פעלקער; אינ אלטנ רוים, צומ בייַשפּיל, האָבנ זילבערנע אונ גאָלדענע מאטבייעס צוערשט צירקולירט אלס אויסלענדישע סכוירעס. די נעמענ פונ אָט דעמ פרעמדנ געלט האָבנ זיכ אונטערגעשיידט פונ די אָרטיקע געוויכט־נעמענ. 2) מיט דער אנטוויקלונג פונ רייַכטומ ווערט דורכ דעמ איידעלערנ מעטאל דער ווייניק־איידעלער מעטאל ארויסגעשטויסנ פונ דער פונקציע פונ א ווערט־מאָס,— קופּער דורכ זילבער, זילבער דורכ גאָלד, וויאזוי די דאָזיקע ריי־נאָכאנאנדיקייַט זאָל ניט ווידערשפּרעכנ יעטווידער פּאָעטישער כראָנאָלאָגיע[1]. א פונט איז, אשטייגער, געווענ א געלט־נאָמענ פאר א ווירקלעכנ פונט זילבער. ווי באלד נאָר גאָלד שטויסט ארויס דאָס זילבער אלס ווערט־מאָס, ווערט שוינ דער זעלביקער נאָמענ אָנגעהאנגענ עפּשער אפ $1/15$ א. אז. וו. פונט גאָלד, לויט דער ווערט־פארהעלטעניש צווישנ גאָלד אונ זילבער. פונט אלס געלט־נאָמענ אונ אלס געוויינלעכער געוויכט־נאָמענ פונ גאָלד איז איצט פאנאנדערגעטיילט[2]. 3) די געלטפעלשונג פונ די פירשטנ אינ מעשעכ פונ יאָרהונדערטנ, וואָס פלעגט פונעמ אורשפּרינגלעכנ געוויכט פונ געלט־מאטבייעס פאקטיש איבערלאָזנ נאָר דעמ נאָמענ[3].

אָט די היסטאָרישע פּראָצעסנ מאכנ פאר א פאָלקס־געוויינהייַט דאָס אָפּטיילנ די געלט־נעמענ פונ מעטאל־געוויכטנ פונ זייערע געוויינלעכע געוויכט־נעמענ. אזוי ווי דער געלט־מאסשטאב איז, פונ איינ זייַט, א ריינ קאָנווענציאָנעלער, אונ פונ דער אנדערער זייַט באדארפ ער האָבנ אלגעמיינע גילטיקייַט, ווערט ער צולעצט געזעצלעכ רעגולירט. א באשטימטער געוויכט־טייל פונעמ איידעלנ מעטאל, אשטייגער, אנ אונצ גאָלד, ווערט אָפיציעל אייַנגעטיילט אינ אליקוואָטע (aliquote)[4] טיילנ, וואָס באקומענ לעגאלע טויפנעמענ ווי פונט, טאָלער א. אז. וו. אזא אליקוואָטער טייל, וואָס גילט שוינ דאנ אלס די אייגנטלעכע מאָס־איינהייַט פונ געלט, ווערט ווידער אונטערגעטיילט אפ אנדערע אליקוואָטע טיילנ מיט געזעצלעכע טויפנעמענ, ווי שילינג,

---

[1] זי איז, אגעוו, אויכ ניט פונ אלגעמיינ־היסטאָרישער גילטיקייַט.

[2] באמערקונג צו דער צווייטער אויסגאבע. „די מאטבייעס, וואָס זייערע נעמענ זייַנענ איצט בלויז אידעאלע, זייַנענ די עלטסטע בא אלע פעלקער; זיי זייַנענ אָבער אלע א לאנגע צייַט געווענ רעאל, אונ טאקע דערפאר, ווייַל זיי זייַנענ געווענ רעאל, האָט מענ לויט זיי גערעכנט". Galioni: Della moneta, 153.

[3] באמערקונג צו דער צווייטער אויסגאבע. אזוי באצייכנט דער ענגלישער פונט ווייניקער ווי א דריטל פונ זייַנ אורשפּרינגלעכ געוויכט, דער שאָטלישער פונט ביז דער אוניאָנ — ניט מער ווי $1/36$, דער פראנצויזישער ליוור— $1/74$, דער שפּאנישער מאראוועדי—ווייניקער ווי $1/1$, דער פּאָרטוגעזישער רייס— נאָכ א קלענערע פּראָפּאָרצ.

[4] אליקוואָטע הייסנ די טיילנ, וואָס באקומענ זיכ, ווענ מע טיילט אפ גלייַכע טיילנ אזוי, עס זאָל זיכ ניט באקומענ קיינ רעשט (ע. ס.).

פעני א. אז. וו. [1]). אָבער ווי פריִער בלײַבנ באשטימטע מעטאל־געוויכטנ דער מאס־שטאב פונ מעטאלגעלט. וואָס עס האָט זיכ יאָ געענדערט — דאָס איז די אײַנטײלונג אונ די נאָמענגעבונג.

די פרײַזנ אָדער די גאָלד־קוואנטומס (סכומענ.—ע. ס.), וואָס דערינ ווערנ אידעאל פארוואנדלט די ווערטנ פונ די סכוירעס, ווערנ, הייסט עס, איצט אויסגעדריקט אינ די געלט־נעמענ אָדער אינ די געזעצלעכ גילטיקע ר ע כ נ ־ נ ע מ ע נ פונעם גאָלד־מאסשטאב. אָנשטאָט צו זאָגנ, הייסט עס, אז א קווארטער ווייצ איז גלײַכ צו אנ אונצ גאָלד, וועט מענ אינ ענגלאנד זאָגנ, אז ער איז גלײַכ צו 3 פ. 17 שילינג, $10^1/_2$ פעני. מיט זייערע געלט־נעמענ זאָגנ, אזויארום, די סכוירעס אויס, וואָס זיי זײַנענ ווערט, אונ דאָס געלט דינט אלס ר ע כ נ ־ ג ע ל ט אפ וויפל ס׳געלינגט צו פיקסירנ א זאכ אלס ווערט אונ דעריבער אינ געלט־פאָרם) [2].

דער נ אָ מ ע נ פונ א זאכ איז פאר איר נאטור א גאנצ אויסערלעכע דערשײַנונג. איכ ווייס גאָרנישט ניט פונעם מענטשנ, ווענ איכ ווייס נאָר, אז א מענטש הייסט יאקאָוו. פונקט אזוי פארשווינדט אינ די ג ע ל ט ־ נ ע מ ע נ פונט, טאָלער, פראנק, דוקאט א. אז. וו. יעדע שפור פונ דער ווערטפארהעלטעניש. דער פלאָנטער איבער דעם געהיימענ זינענ פונ אָט די קאבאָלע־צייכנס איז נאָכ גרעסער דערפונ, וואָס די געלט־נעמענ דריקנ אויס די ו ו ע ר ט פונ די סכוירעס אינ צוגלײַכ אויכ אליקוואָטע טײלנ פונ א באשטימטנ מ ע ט א ל ־ ג ע וו י כ ט, פונעם געלט־מאסשטאב. פונ דער אנדערער זײַט, איז נויטווענדיק, אז צום אונטערשייד פונ די בונטע קערפערס פונ דער סכוירע־וועלט זאָל זיכ די ו ו ע ר ט אנטוויקלענ צו אָט דער באגריפלאָזיק־זאכלעכער, דערצו אָבער אויכ איינפאכ געזעלשאפטלעכער פאָרם.

Karl Marx. Das Kapital. Erster Band, Moscau 1932, 105 — 106.
(אונטערקאפיטל „מאָס פונ הערט" פונעם דריטנ קאפיטל:
„געלט אָדער סכוירע צירקוליאציע").

לויטנ מאטעריאליסטישנ פארשטיינ די געשיכטע זײַנענ אינעם לעצטנ סאכאקל די פראָדוקציע אונ די רעפראָדוקציע פונעםווירקלעכנ לעבנ דער באשטימענדיקער מאָמענט אינעם היסטאָרישנ פראָצעס. ניט איכ, ניט מארקס האָבנ מער ניט באהויפט. אויב עמעצער וועט פארדרייענ אָט די האנאָכע אינ דעם זינענ, אז דער עקאָנאָמישער מאָמענט איז קלוימערשט דער א יי נ צ י ק ע ר באשטימענדיקער מאָמענט, ווערט דאנ אָט די באהויפטונג פארוואנדלט אינ אנ אבסטראקטער אומזיניקער פראזע, וואָס זאָגט גאָרנישט ניט. די עקאָנאָמישע לאגע — דאָס איז דער גרונט, נאָר אפנ גאנג פונעם היסטאָרישנ קאמפ האָט א ווירקונג אונ באשטימענ אינ פיל פאלנ דערהויפט

[1]) באמערקונג צו דער צווייטער אויסגאבע. אינ זײַנ „Familiar words" באמערקט דער הער דאוויד אורקוואט דאָס אומגעהייערע (!), וואָס הײַנט צו טאָג איז א פונט (פ. סט.), די איינהײַט פונ ענגלישנ געלט־מאסשטאב, גלײַכ אנערעכ צו א $^1/_4$ אונצ גאָלד: „דאָס באטײַט די פעלשונג פונ מאָס — אונ ניט דאָס פעסט־שטעלנ א מאסשטאב". אינ אָט דער „פאלשער אָנרופונג" פונעם גאָלד־געוויכט זעט ער ווי געווײנלעכ אומעטום די פעלשנדיקע האנט פונ דער ציוויליזאציע.

[2]) באמערקונג צו דער צווייטער אויסגאבע. „ווענ מע האָט אנאכארסיסנ געפרעגט, — צו וואָס ברויכנ די העלענער דאָס געלט, — האָט ער געענטפערט: „צום רעכענענ".

(Athenaeus: „Deiphosophisial", Buch IV, 49, Bd 2. [S. 120] Ausg. Schweighäuser. 1802).

זײַנ פֿאָרמ די פֿאַרשיידענע מאַכטענטס פֿינעמ איבערגעבײַ: די פּאָליטישע פֿאָרמעס פֿונעמ קלאסנקאמפּ אונ זײַנע רעזולטאטנ, — די קאָנסטיטוציעס, וואָס דער זיגער־קלאס האָט אײַנגעשטעלט נאָכנ אָפּגעהאלטענעמ ניצאָכנ א. אז. וו., די רעכט־פֿאָרמעס אונ אפילע די אָפּשפּיגלונג פֿונ אָט די אלע ווירקלעכע שלאכטנ אינעמ מויעכ פֿונ די אָנטיילנעמער, — די פּאָליטישע, יורידישע, פֿילאָסאָפֿישע טעאָריעס, די רעליגיעזע אָנשויונגענ אונ זייער ווײַטערדיקע אנטוויקלונג אינ א סיסטעמ פֿונ דאָגמעס. דאָ איז פֿאראנ די צווישנווירקונג פֿונ אָט די אלע מאָמענטנ, די צווישנווירקונג, אינ וועל־כער די עקאָנאָמישע באוועגונג, אלס די נויטווענדיקע, שלאָגט זיכ סאָפּקאָלטאָפּ דורכ א וועג דורכ דער אומענדלעכער מענגע צופֿעליקײַטנ (ס'הייסט זאכנ אונ געשעענישנ, וואָס זייער אינערלעכע קעגנזײַטיקע פֿארבינדונג איז אזויפֿיל דערווײַטערט, אָדער זי לאָזט זיכ אזוי שווער צו באשטימענ, אז מיר קענענ וועגנ איר פֿארגעסנ אונ האלטנ, אז זי עקזיסטירט גאָר ניט)...

...ס'וועט זיכ עמעצנ קוימ אײַנגעבנ, ער זאָל ניט ווערנ לעכערלעכ, צו דער־קלערנ עקאָנאָמיש די עקזיסטענצ פֿונ יעטווידער קליינער דײַטשישער מעלוכע אינ דער פֿארגאנגענהײַט אונ אינ דער קעגנווארט, אָדער צו דערקלערנ עקאָנאָמיש דעמ אָפּשטאמ פֿונ די אייבערדײַטשישע ענדערונגענ אינ די וואָקאלנ, וואָס צעטיילט דײַטשלאנד (אינ הינזיכט פֿונ דיאלעקט) אפֿ צוויי העלפֿטנ...

פֿינ ענגעלסעס א בריוו צו בלאָכנ, לאָנדאָנ, דעמ 21/9, 1890.

Карл Маркс. Избранные произв. в двух томах т. I. Москва, 1933, 293—294.

...ערשט איצט, נאָכ דעמ ווי מיר האָבנ שוינ באטראכט די פֿיר מאָמענטנ, די פֿיר זײַטנ פֿונ די אָנפֿאנגלעכע היסטאָרישע פֿארהעלטענישנ [1], געפֿינענ מיר, או דער מענטש פֿארמאָגט אויכ א „באוווסטזײַנ“. נאָר אויכ דעמ באוווסטזײַנ פֿארמאָגט ער ניט פֿונ אָנהייב אָנ ווי „ריינעמ באוווסטזײַנ“. אפֿנ „גײַסט“ הענגט פֿונ אָנהייב אָנ די קלאָלע פֿונ „באלאסטיקט“ זײַנ מיט מאטעריע, וועלכע טרעט דאָ ארויס אינ דער פֿאָרמ פֿונ זיכבאוועגנדיקע לופֿטשטראָמענ, פֿונ קלאנגענ, — קורצ, אינ דער פֿאָרמ פֿונ שפּראכ. שפּראכ איז פּונקט אזוי אלט, ווי באוווסטזײַנ; שפּראכ איז גראָד דער פּראקטישער ווירקלעכער באוווסטזײַנ, וואָס עקזיסטירט אויכ פֿאר אנדערע מענטשנ, אונ בלויז דערמיט גופֿע עקזיסטירט אויכ פֿאר מיר. אונ פּונקט ווי דער באוווסטזײַנ, קומט

[1] בא מארקסנ אונ בא ענגעלסנ גייט דאָ די רייד וועגנ אזוינע מאָמענטנ:

„די ערשטע פֿאָרהאנאָכע פֿונ יעטווידער מענטשלעכער עקזיסטענצ“ באשטייט דערינ, וואָס צומ לעבנ איז פֿריִער פֿאר אלצ בײַטיק עסנ אונ טרינקענ, וווינונג, קליידונג... די פּראָדוקציע פֿונ מיטלענ, וואָס זײַ־נענ נייטיק אפֿ צו באפֿרידיקנ אָט די באדערפֿענישנ, „די פּראָדוקציע פֿונעמ עצעמ מאטעריעלנ לעבנ...“.

צווייטנס: „די שוינ באפֿרידיקטע ערשטע באדערפֿעניש, די ווירקונג פֿונ דער דאָזיקער באפֿרידיקונג אונ דאָס דערוואָרבענע געצײַג צומ באפֿרידיקנ ברענגט צו נײַע באדערפֿענישנ...“ די דריטע זאכ איז די פֿאמיליע, דאָס „פּראָדוצירנ אנדערע מענטשנ“. צוערשט איז עס די איינציקע סאָציאלע פֿארהעלטעניש, אונ דערנאָכ באקומט זי אנ אונטערגעוואָרפֿענעמ כאראקטער, ווענ, פֿערטנס, „די פֿארמערטע באדערפֿענישנ ברענגענ צו נײַע סאָציאלע פֿארהעלטענישנ“, צו די נײַע געמיינשאפֿטלעכע פּראָדוקציע־פֿארהעלטענישנ פֿונ טויש אונ אינדוסטריע.

מארקס אונ ענגעלס ווײַזנ דאָ, אגעוו, אָנ, אז אָט די זײַטנ פֿונ דער סאָציאלער טעטיקײַט דאַרפֿ מענ ניט באטראכטנ אלס פֿארשיידענע שטופֿעס, נאָר אלס מאָמענטנ, וואָס עקזיסטירנ באנאנד זינט סע הייבט זיכ אָנ די מענטשלעכע געשיכטע (ע. ס).

אוף די שפראכ ערשט פונ דער באדערפעניש, פונ דער דרינגענדיקער נויט אינ א פארקער מיט אנדערע מענטשנ. דאָרט, ווו ס'עקזיסטירט א וואָסערע ס'ניט איז פארהעלטעניש, עקזיסטירט זי אויכ פאר מיר; א באלעכיי באציט זיכ ניט צו קיינ זאכ אונ „באציט" זיכ ביקלאל ניט; זיינ באציִונג צו אנדערע עקזיסטירט ניט פארנ באלעכיי אלס באציִונג. דער באַוווסטזיינ איז, אזוי־ארום, פונ סאמע אָנהייב אָנ א געזעלשאפטלעכער פראָדוקט, אונ עס בלייבט אזא, ביזוואנענ מענטשנ עקזיסטירנ ביקלאל.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. IV, 1933.
Немецкая идеология (I. Фейербах), 20 –21.

דער מענטש איז דער אומיטלבארער געגנשטאנד פונ דער נאטורקענטעניש, ווייל די אומיטלבארע זינלעכע נאטור פארנ מענטשנ איז אומיטלבאר די מענטשלעכע זינלעכקייט (אָדער — וואָס עס איז איינס אונ דאָס זעלביקע — אנ אנדער מענטש, וואָס איז געגעבנ זינלעכ פאר אים, ווייל זיינ אייגענע זינלעכקייט עקזיסטירט פאר אים, אלס מענטשלעכע זינלעכקייט בלויז דורכ אנ אנדער מענטשנ). די נאטור איז אָבער דער אומיטלבארער געגנשטאנד פונ דער וויסנשאפט וועגנ דעמ מענטשנ; דער ערשטער געגנשטאנד פונעמ מענטשנ — דער מענטש — איז נאטור; פונקט ווי זינלעכקייט אונ ספּעציִעל זינלעכע מענטשלעכע סובסטאנצקרעפטנ געפינענ זייער געגנשטאנדלעכע פארווירקלעכונג בלויז אינ נאטור־אָביעקטנ, אזוי קומט ער צו זייער זעלבסטדערקענטעניש בלויז אינ דער וויסנשאפט וועגנ דער נאטור. אפילע דער גרונט־עלעמענט פונעמ דענקענ, דער עלעמענט, וואָס אינ אימ ווערט אויסגעדריקט דאָס לעבנ פונעמ געדאנק — די שפראכ — האָט א זינלעכע נאטור.

Архив К. Маркса и Ф. Энгельса, кн. III, 1927.
Подготовительные работы для „Святого семейства“, 257 –258.

# שפראַך איז א געזעלשאפטלעכער פראָדוקט און א געווער אין קלאסנקאמף

דער מענטש איז אין סאמע בוכשטעבלעכן זינען פונעם וואָרט א zoon politikon, ער איז ניט בלויז א געזעלשאפטלעכער באלעכײַ, נאָר אויך א באלעכײַ, וואָס ער קען זיך פאריינצלען בלויז אין דער געזעלשאפט. די פראָדוקציע פון פאריינצלטע איינצלנע אויסער דער געזעלשאפט — א זעלטנהײַט, וועלכע קען עפשער פאָרקומען מיט א ציוויליזירטן, וואָס האָט זיך דורך א צופאל פארשלאָגן אין א ווילדעניש, און וואָס דינאמיש פארמאָגט ער שוין אין זיך די געזעלשאפטלעכע קרעפטן — איז פונקט אזא אומזין, ווי שפראַך־אנטוויקלונג אָן *צוזאמענלעבנדיקע* און צוזאמענריידנדיקע אינדיווידן.

Karl Marx. Zur Kritik der politischen Ökonomie.
Berlin, 1924 (Einleitung, XIV).

...בא דער ווערט שטייט דעריבער ניט אָנגעשריבן אפן שטערן *וואָס* זי איז אזוינס. נאָכמער, די ווערט פארוואנדלט יעטווידן ארבעט־פראָדוקט אין א געזעלשאפטלעכן היעראָגליף. שפעטער פלײַסן זיך די מענטשן צו באשיידן דעם זינען פון אָט דעם היעראָגליף, ארײַנצודרינגען אין דער געהיימניש פון זייער אייגענעם געזעלשאפטלעכן פראָדוקט; ווײַל דאָס באשטימען די געברויך־זאכן *אלס ווערטן* איז זייער געזעלשאפטלעכער פראָדוקט אזוי גוט ווי די שפראַך.

Karl Marx. Das Kapital. Erster Band, Moskau 1932, 79—80.

...אפילע דאן, ווען איך פארנעם זיך מיט וויסנשאפטלעכער א. אז. וו. טעטיקײַט, — מיט א טעטיקײַט, וואָס איך קען אליין אויספילן אָן אן אומיטלבארן פארקער מיט אנדערע, — האנדל איך פונדעסטוועגן אפ א *געזעלשאפטלעכן אויפן*, ווײַל כ'האנדל ווי א *מענטש*. מיר איז ניט בלויז געגעבן, אלס געזעלשאפטלעכער פראָדוקט, מאטעריאל פאר מײַן טעטיקײַט — און פונקט אזוי אויך די שפראַך, וואָס מיט איר הילף קומט פאָר די טעטיקײַט פונעם דענקער — נאָר אויך מײַן *אייגן* זײַן *איז* א געזעלשאפטלעכע טעטיקײַט; דעריבער איז דאָס, וואָס איך מאך פון זיך, מאך איך עס פון זיך צוליב דער געזעלשאפט, באוווסטיקנדיק זיך אלס געזעלשאפטלעכן וועזן.

Архив К. Маркса и Ф. Энгельса, т. III.
Подготовительные работы для „Святого семейства“, 1927, 253.

ס'איז טשיקאווע, וואָס דאָס וואָרט communio[1] פלעג ניט זעלטנ געברויכט ווערנ מיט פונקט אזא מינ זידלטאָנ, ווי איצט קאָמוניזמ. אזוי שרײַבט, אשטייגער, דער גאלעכ הילבער פונ נאָיאנ: „Communio novum ac pessimum nomen"[2].

מארקס אינ א בריוו צו ענגעלסנ 27/VII, 1854.

K. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXII, 50

...די באציִונג פונעמ פאבריקאנט צומ ארבעטער איז ניט קיינ מענטשלעכע באציִונג, נאָר א ריינ עקאָנאָמישע. דער פאבריקאנט איז „דער קאפיטאל", און דער ארבעטער — „די ארבעט". און ווענ דער ארבעטער וויל זיכ ניט ארײַנשפארנ אינ אָט דער אבסטראקציע, ווענ ער באהויפּט, אז ער איז ניט קיינ „ארבעט", נאָר א מענטש, וואָס צווישנ איבעריקנ האָט ער, עמעס, אויכ די פייִקײַט צו ארבעטנ, — ווענ ער דערלויבט זיכ צו טראכטנ, אז ער דארפ קלאל ניט געקויפט און פארקויפט ווערנ אזנ מארק אלס „ארבעט", אלס סכוירע, קענ עס דער בורזשוא ניט פארשטיינ. ער קענ ניט פארשטיינ, אז כוץ באציִונגענ פונ קויפנ און פארקויפנ עקזיסטירנ צווישנ אימ מיט די ארבעטער עפּעס נאָכ אנדערע באציִונגענ אויכ. ער זעט אינ זיי ניט קיינ מענטשנ, נאָר „הענט" (hands), ווי ער רופט זיי אלעמאָל אינ די אויגנ; ער אנערקענט ניט, ווי ס'דריקט זיכ אויס קארלייל, קיינ שומ אנדערע פארבינדונג צווישנ מענטשנ, אויסער איינ פארבינדונג — מעזומאָנימ. אפילע די פארבינדונג צווישנ אימ מיט זײַנ ווײַב קענ אינ נײַנ און נײַנציק פאלנ פונ הונדערט אויסגעדריקט ווערנ דורכ דער זעלביקער פאָרמול. די דאָזיקע שענדלעכע קנעכטשאפט, וואָס דערינ האלט דאָס געלט דעמ בורזשוא, האָט מאכמעס דער הערשאפט פונ דער בורזשואזיִע ארופגעלייגט איר שטעמפל אפילע אפ דער שפּראכ. געלט באשטימט די ווערט פונ א מענטשנ: דער דאָזיקער מענטש האָט די ווערט 10 טויזנט פ. סט. (he ist worth ten thousand pounds), ס'הייסט ער האָט אזויפיל געלט. ווער ס'האָט געלט, דער איז „respectable" („א בעקאָוועדיקער מענטש"), ער געהערט צומ „בעסטנ סאָרט מענטשנ" (the better sort of people), ער „האָט א ווירקונג" (influential), און אלץ, וואָס ער טוט, שאפט אנ עפּאָכע אינ זײַנ קרײַז. דער גײַסט פונ הענדלערײַ נעמט דורכ די גאָרע שפראכ. אלע באציִונגענ ווערנ אויסגעדריקט אינ האנדל־טערמינעס, אינ עקאָנאָמישע באגריפנ. נאָכפרעג און אָנבאָט (supply and demand) — אזא איז די פאָרמול, וואָס דערינ לייגט ארײַנ דעמ ענגלענדערס לאָגיק — דאָס גאָרע מענטשלעכע לעבנ.

K. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. III.
Ф. Энгельс. Положение рабочего класса в Англии, 554.

...אויב די בורזשואזיִע לאָזט זיי[3] לעבנ אפ אזויפיל, אפ וויפל דאָס איז פאר איר נייטיק, דארפ מענ זיכ ניט וווּנדערנ, אויב בילדונג גיט זי זיי אויכ בלויז אפ אזויפיל, אפ וויפל דאָס איז אינ אירע אינטערעסנ...

---

[1] „קאָמונע", „קאָמונעס" האָבנ געהייסנ די אופקומענדיקע שטעט נאָכ איידער אפילע זיי האָבנ געהאט אויסגעקעמפט פאר זיכ זעלבסטפארוואלטונג און פּאָליטישע רעכט באמ פעאָדאל.

[2] Communio איז א בײַ און זייער א מיִעס וואָרט.

[3] די ארבעטער.

עמעס, די פאבריקאנטן בארימען זיך, אז זיי האָבן אויסגעלערנט לייענען א קאָלאָסאלע צאָל ארבעטער... ווער עס קען דעם אלעפבייז, דער זאָגט, אז ער קען לייענען, און די פאבריקאנטן באַרויִקן זיך דערויף. און אויב נעמען אין אכט די פארפלאָנטערטע ענגלישע אָרטאָגראפיע, אז לייענען לויט אזא אָרטאָגראפיע איז אן עמעסע קונסט, וואָס קען באנומען ווערן נאָר נאָכן לערנען א לאנגע צײַט, ווערט זיך דאָס אמעראצעס פונעם ארבעטער־קלאס ארויסוויַיזן פאר א גאנץ נאטירלעכער זאך. רעכט שרײַבן קענען בלויז אייניקע, און שרײַבן אָרטאָגראפיש ריכטיק קענען אפילע ניט קיין סאך „געבילדעטע" מענטשן.

דאָרטן, ז. 402 — 403.

דאָס ענגלישע רעכט זעצט פאָר צו אויסדריקן די עקאָנאָמישע פארהעלטענישן פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט אף דעם בארבארישן פעאָדאלן דיאלעקט, וועלכער אנטשפרעכט אזוי צו דער זאך, וואָס ווערט אויסגעדריקט, פונקט ווי די ענגלישע אָרטאָגראפיע אנטשפרעכט צום ענגליש־לייענען: „Vous ecrivez Londres et vous prononcez Constantinople" (איר שרײַבט לאָנדאָן און רעדט ארויס קאָנסטאנטינאָפאָל), האָט געזאָגט איינער א פראנצויז...

פ. ענגעלס. פונעם פאָרוואָרט צו דער ענגלישער אויסגאבע „אנטוויקלונג פון סאָציאליזם פון אן אוטאָפיע צו א וויסנשאפט".
Анти-Дюринг. ,1932 380, 81.

... די דאָזיקע עפאָכע כאראקטעריזירט ניט דאָס פאקטישע, נאָר דאָס פרינציפיעלע אויסנוצן דעם ניצאָכן, ניט די באשלוסן פון דער נאציאָנאלער פארזאמלונג, נאָר דאָס מאָטיווירן די דאָזיקע באשלוסן, ניט די טאט, נאָר די פראזע, ניט די פראזע, נאָר דער אקצענט און די זשעסטן, וואָס באלעבן די פראזע. דאָס אומגעצאמט־כוצפעדיקע ארויסוויַיזן ראָיאליסטישע טענדענצן, די פאראכטלעכע באציִונג צו דער רעפובליק, דאָס קאָקעטישע, פריוואָלישע אויספלוידערן רעסטאווראציע־צילן, קורץ, דאָס ציניש ברעכן די רעפובליקאנישע אָנשטענדיקײַט — אָט וואָס עס האָט צוגעגעבן דעם דאָזיקן פעריאָד א ספעציִעלן טאָן און שטעמפל. „זאָל לעבן די קאָנסטיטוציע" — אזא איז געווען דער שלאכט־רוף פון די באַזיגטע דעם 13־טן יונ. דאָס האָט אויסגעלייזט די זיגער פון דעם צוויִעס פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער, ד. ה. רעפובליקאנישער שפראך.

К. Маркс. Классовая борьба во Франции.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. VIII, 62—63.

די העפלעכע, צוויִעסדיק־מעסיקע, טוגנטלעך־באנאלע שפראך פון דער בורזשואזיע אנטפלעקט איר פארבאהאלטענעם זינען אין די רייד פונעם זעלבסטהערשער פון דער געזעלשאפט פונעם 10־טן דעקאבער און פון דעם העלד פון פיקניקעס סען־מאָר און סאטאָרי.

К. Маркс. 18 Брюмера Луи Бонапарта. Соч. VIII, 371.

... אף גיזאָס לעצטן ווערק האָבן מיר זיך געקענט איבערצײַגן, אז די טאלאנטפולע מענטשן פון דער בורזשואזיע האלטן אין פאלן. אין די צוויי בראָשורעס קארליילס, וואָס ליגן פאר אונדז, זעען מיר די יערידע פון א ליטערארישן געני, וואָס האָט זיך צוזאמענגעשטויסן מיט דעם פארשארפטן היסטאָרישן קאמפ, וועלכן ער־

סטארעט זיכ קעגנצושטעלנ זײַנ ניט אנערקענטע, אומיטלבארע, נעוויִשע באגײַ־סטערונג...

קארליילס סטיל איז פּונקט אזא, ווי זײַנע אידייעס, ס'איז א דירעקטע, א פאר־גוואלט־רעאקציע קעגנ דעם הײַנטצײַטיק־בורזשואזנ ענגלישנ צוואקישנ סטיל, וואָס זײַנ אופגעבלאָזענע באנאלקײַט, פּאָרזיכטיקע בארעדעוודיקײַט און מאָראליש־סענטי־מענטאלער, אומענדלעכער לאנגווײַל איז אריבער אפ דער גאַנצער ענגלישער ליטערא־טור פונ די ערשטע שעפער פונ אָט דעם סטיל—פונ די געבילדעטע לאָנדאָנער. אינ קעגנזאצ צו אָט דער ליטעראטור, האָט קארלייל זיכ גענומענ באגײנ מיט דער ענג־לישער שפּראכ, ווי מיט גאָר א רויענ מאטעריאל, וואָס עס איז אים אויסגעקומענ איבערצושמעלצנ אפסנײַ. ער האָט אויסגעזוכט פארעלטערטע ווענדונגענ און ווערטער און האָט געשאפנ נײַע אויסדרוקנ לויטנ דײַטשישנ מוסטער, ביפראט לויטנ מוסטער פונ זשאנ־פּאָל ריכטער. דער נײַער סטיל איז אָפטמאָל געווענ בארעדעוודיק און גע־שמאקלאָזיק, נאָר ניט זעלטנ גלענצנדיק און שטענדיק אָריגינעל. און אינ דעם הײנ־זיכט ווײַזט „Latter Day Pamphlets“ ארויס א קאָנטיקנ רעגרעס.

ס'איז, אגעוו, כאראקטעריסטיש, וואָס פונ דער גאָרער דײַטשישער ליטעראטור האָט די גרעסטע ווירקונג אפ קארליילנ געהאט ניט העגעל, נאָר דער ליטערארישער פארמאצעווט זשאנ־פּאָל.

К. Маркс и Ф. Энгельс. О книге Т. Карлейля „Современные памфлеты“.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. VIII, 1930. 281 — 82,

די געלט־סיסטעם אינעם שטירנערישנ פארבאנד איז אזויארום פּאָשעט די איצט עקזיסטירנדיקע געלט־סיסטעם, נאָר אויסגעדריקט אינ דער צופוצנדיקער און אידיליש־טרוימערישער שפּראכ פונ א דײַטשישנ קליינבירגער.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Немецкая идеология. Соч. IV, 1933, 384.

... דער הייליקער סאנטשאָ גיט א טויטקלאפּ דעם קאָמוניזם, צעלאָזנדיק זיכ מיט אזא זאצ: „אָפּנעמענדיק (!) אויכ דאָס אייגנטום (Eigentum), בארעכענענ ניט די סאָציאַ־ליסטנ, אז דאָס פארהיטנ דאָס אייגנטום ווערט גאראנטירט דורכ יעדנס באזונדערקײַט (Eigenheit). צי זײַנענ דענ בלויז געלט און פארמעגנ אנ אייגנטום, און ניט יעט־ווידע מיינונג איז אויכ עטוואָס מײַנס, אזוינס, וואָס איז מיר אייגנ? באדארפ, הייסט עס, יעטווידע מיינונג פארניכטעט אָדער אנאָנימירט ווערנ״. ניט ווערנדיק אויכ קיינ אנדערנס מיינונג, צי גיט דענ דעם הייליקנ סאנטשאָ זײַנ מיינונג א מאכט איבער עפּעס, זאָל זײַנ איבער עמעצנס מיינונג? לאָזנדיק דאָ אינ גאנג דעם קאפּי־טאל פונ זײַנ מיינונג קעגנ דעם קאָמוניזם, באגרענעצט זיכ ווידער דער הייליקער מאקס דערמיט, וואָס ער שטעלט ארויס קעגנ דעם קאָמוניזם די סאמע אלטע און טריוויִאלע בורזשואזע באשולדיקונגענ, און מיינט, אז ער האָט געזאָגט עפּעס נײַס בלויז דערפאר אליינ, וואָס פאר אים, דעם געבילדעטנ בערלינער, זײַנענ אָט די אויס־געדראָשענע באנאלקײַטנ נײַ. באנאנד מיט פיל אנדערע און נאָכ די פיל אנדערע האָט מיט א יאָר דרײַסיק צוריק און שפּעטער פּונקט דאָס אייגענע געזאָגט אסאכ בעסער דעסטיוט דע־טראסי... אידענטיפיצירנדיק דאָס פּריוואט־אייגנטום און די פּערזענלעכ־קײַט, מיט דער הילפ פונ וואָרטשפּיל „propriété“ (אייגנטום) און „propre“ (אייגנס, אייגנטימלעכס) קומט דעסטיוט דע־טראסי, ווי „שטירנער“ מיט דער הילפ פונ וואָרט־

שפּיל „מײַן“ (Mein) און „מיינונג“ (Meinung), „אייגנטום“ (Eigentum) און „באזונדערקײַט“ (Eigenheit), צום פאָלגנדיקן אויספיר: „ס'זײַנען, הייסט עס, ביז גאָר פוסטע די שטרײַטן וועגן דעם, צי איז ניט בעסער, אז קיינער פון אונדז זאָל ניט האָבן קיין שום אייגנטימלעכס (De discuters'il ne vaudrait pas miex que rien ne füt *propre* à chacun de nous...), ס'איז אלנפאלס פונקט דאָס אייגענע, ווי פרעגן, צי איז ניט געווונטשן, אז מיר זאָלן זײַן אינגאנצן אנדערע ווי מיר זײַנען אָדער אפילע — צי איז ניט בעסער, אז מיר זאָלן גאָר אינגאנצן ניט זײַן“ (ז. 22)...

ווען א באגרענעצטער בורזשוא זאָגט צו די קאָמוניסטן: פארניכטנדיק דאָס אייגנטום, ס'הייסט מײַן עקזיסטענץ אלס א קאפיטאליסט, פאָרעץ, פאבריקאנט און אײַער עקזיסטענץ אלס ארבעטער, פארניכטעט איר מײַן און אײַער אינדיווידואליטעט; אָפּנעמענדיק בא מיר די מעגלעכקײַט צו עקספּלואטירן אײַך, ארבעטער, אָנצושארן מײַן רעוועך, פּראָצענטן אָדער רענטע, נעמט איר אָפּ בא מיר די מעגלעכקײַט צו עקזיסטירן אלס א אינדיוויד; אויב דער בורזשוא מעלדעט, אזויארום, די קאָמוניסטן פארניכטנדיק מײַן עקזיסטענץ אלס א *בורזשוא*, פארניכטעט איר מײַן עקזיסטענץ *אלס אינדיוויד*; אויב ער אידענטיפיצירט זיך, אזויארום, אלס בורזשוא מיט זיך אלס אינדיוויד, קען מען אים אלנפאלס ניט אָפּזאָגן אין אָפּנהארציקײַט און אומפארשעמטקײַט. פארן בורזשוא איז עס ווירקלעך אזוי: ער האלט זיך פאר אן אינדיוויד בלויז אפ אזויפיל, אפ וויפל ער איז א בורזשוא. אָבער ווען אפ דער סצענע באווײַזן זיך די טעאָרעטיקער פון דער בורזשואזיע און גיבן צו אָט דער באהויפּטונג אן אלגעמיינעם אויסדרוק, ווען זיי אידענטיפיצירן אויך טעאָרעטיש דאָס אייגנטום פונעם בורזשוא מיט דער אינדיווידואליטעט און זיי ווילן לאָגיש באַרעכטיקן אָט די אידענטיפיצירונג, — ערשט דאן ווערט אָט דער אבסורד פײַערלעך און הייליק. — „שטירנער“ האָט אויבן אָפּגעלייקנט דאָס קאָמוניסטישע פארניכטן פּריוואט־אייגנטום דערמיט, וואָס ער האָט פארוואנדלט פּריוואט־אייגנטום אין „פארמאָגן“ און האָט דערנאָך דערקלערט דעם ווערב „פארמאָגן, האָבן“ פאר א נויטווענדיק וואָרט, פאר אן אייביקן עמעס, ווײַל אין דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט קען זיך טרעפן, אז ער זאָל „האָבן“ בויכווייטעק. פונקט אזוי באגרינדעט ער איצט די ניט־אָפּשאפלעכקײַט פון פּריוואט־אייגנטום דערמיט, וואָס ער פארוואנדלט עס אינעם באגריף פון אייגנטימלעכקײַט, וואָס ער עקספּלואטירט די עטימאָלאָגישע פארבינדונג צווישן די ווערטער „אייגנטום“ (Eigentum) און „אייגנטימלעך“ (eigen) און דערקלערט אָט דאָס וואָרט „אייגן, אייגנטימלעך“ פאר אן אייביקן עמעס, ווײַל אויך בא דער קאָמוניסטישער אָרדענונג קען טרעפן, אז עס וועט אים „אייגן“ זײַן בויכווייטעק. אָט דער גאנצער טעאָרעטישער אבסורד, וואָס זוכט פאר זיך א באהעלטעניש אין עטימאָלאָגיע, וואָלט געווען אומעגלעך, ווען דאָס ווירקלעכע פּריוואט־אייגנטום, וואָס די קאָמוניסטן שטרעבן עס צו פארניכטן, וואָלט ניט פארוואנדלט געוואָרן אינעם אבסטראקטן באגריף „אייגנטום ביקלאל“. אָט די פארוואנדלונג לייזט אויס, פון איין זײַט, פון דער נויטווענדיקײַט צו זאָגן עפּעס וואָס אָדער כאָטש צו וויסן עפּעס וועגן דעם ווירקלעכן פּריוואט־אייגנטום, און פון דער אנדערער זײַט — דערלויבט זי לײַכט צו אנטדעקן א ווידערשפּרוך אינעם קאָמוניזם, אפ וויפל נאָכן (*ווירקלעכן*) פארניכטן דאָס אייגנטום וועט נאָך אין אים, געוויינטלעך, ניט שווער זײַן צו אנטדעקן א גאנצע ריי זאכן, וואָס מע קען ארונ־

טערפירן אונטערן באגריף „אייגנטום בכלל“. אין דער ווירקלעכקײַט איז עס, פארשטייט זיך, פונקט פארקערט. אין דער ווירקלעכקײַט באזיץ איך פּריוואט־אייגנטום בלויז אף אזויפיל, אף וויפל איך האָב עפּעס אזוינס, וואָס מע קען אָפּזעצן, דאן ווען די באזונדערקײַטן, וואָס זײַנען מיר אייגנטימלעך, קענען קלאָל ניט ווערן קיין זאך פארן אָפּזאץ...

לויט דעסטיוט דע־טראסיִ. וואָלט די מערהײַט מענטשן, די פּראָלעטאריער, שוין גאָר לאנג געזאָלט פארלירן וואָסערע ס'ניט איז אינדיווידואליטעט, האגאם אין אונדזער צײַט באשטייט עס אזוי, אז גראָד צווישן זיי איז נאָך די אינדיווידואליטעט אםשטארקסטן אנטוויקלט. אפן גרונט פון זײַן שפּראך קען דער בורזשוא לײַכט דערווײַזן די אידענטישקײַט פון מערקאנטילע און אינדיווידועלע אָדער אפילע אלמענטשלעכע פארהעלטענישן, ווײַל אָט די שפּראך גופע איז א פּראָדוקט פון דער בורזשואזיִע, און ווי אין דער ווירקלעכקײַט, אזוי אויך אין דער שפּראך זײַנען דעריבער די קויף־פארקויף־פארהעלטענישן געוואָרן דער יעסאָד פון אלע אנדערע פארהעלטענישן. אשטייגער „propriété“ איז אייגנטום און אייגנשאפט; property — אייגנטום און אייגנארטיקײַט; „eigen“ [אייגן, אייגנטימלעך, ספּעציִעל] אין מערקאנטילן און אינדיווידועלן זינען; valeur, value, Wert [ווערט, ווערדע]; Commerce, Verkehr [פארקער, האנדל]; échange, exchange, Austausch [אויסטויש, בײַט] א. אז. וו. אָט די אלע ווערטער באצייכענען סײַ האנדל־באציִונגען, סײַ די אייגנשאפטן און פארהעלטענישן צווישן די אינדיווידן אלס אזעלכע. אין די איבעריקע נײַע שפּראכן איז פונקט דאָס אייגענע. אויב דער הייליקער מאקס מיינט מיט אן עמעס עקספּלואטירן אָט די צווייִדײַטיקײַט, קען ער דאן לײַכט מאכן א ריי נײַע גלענצנדיקע עקאָנאָמישע אנטדעקונגען, ניט ווייסנדיק קיין אלעפּ אין עקאָנאָמיע; און ווירקלעך, זײַנען נײַע עקאָנאָמישע פאקטן... געהערן דורכויס צו אָט דעם סינאָנימיק־געביט. דער גוטמוטיקער און לײַכטגלויביקער Jacques נעמט אזוי ערנסט, מיט אזא הייליקן ציטער די שפּיל פונעם בורזשוא מיט די ווערטער „אייגנטום“ (Eigentum) און „אייגנשאפט“ (Eigenschaft), אז ער סטארעט זיך אפילע צו באציִען זיך צו זײַנע אייגענע אייגנשאפטן, ווי א פּריוואט־אייגנטימער...

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. IV. 1932.
Немецкая идеология („Святой Макс“) 206 — 210.

...מיר לאָזן דעם לייענער ער זאָל אליין פארגלײַכן* ריקארדאָס פּינקטלעכע, קלאָרע און איינפאכע שפּראך מיט די ריטאָרישע געניטונגען, וואָס צו זיי קומט אָן פּרודאָן אף צו באשטימען דעם רעליאטיוון ווערט לויט דער ארבעט־צײַט, וואָס איז פארוועגדט געוואָרן אף פּראָדוצירן.

...ריקארדאָס שפּראך איז, געוויינטלעך, ביז גאָר ציניש. שטעלן אף איין ברעט די הויצאָעס אף פּראָדוצירן קאפּעליושן און די הויצאָעס אף אויסהאלטן א מענטשן — דאָס הייסט פארוואנדלען דעם מענטשן אין א קאפּעליוש. אָבער לאָמיר צו הויך ניט שרײַען וועגן ציניזם. דער ציניזם שטעקט ניט אין די זאכן, און ניט אין די ווערטער, וואָס דריקן אויס אָט די זאכן. די פראנצויזישע שרײַבער, ווי אשטייגער, די הערן דראָז, בלאנקי, ראָסי א. א. פארשאפן זיך אן אומשולדיקן פארגעניגן צו דערווײַזן זייער פּאָרצוג לעגאבע די ענגלישע עקאָנאָמיסטן דורך אָפּהיטן די העפלעכ־

קײַטנ פונ דער „הומאנישער“ שפראַכ. אויב אָבער זיי ווארפנ אופ ריקארדאָענ אונ זײַנ שול דעמ ציניזמ פונ שפראכ, טוענ זיי דאָס בלויז דערפאר, ווײַל ס'איז זיי אומאנגענעמ צו זענ, וויאזוי ס'ווערנ אויסגעמאָלט אינ זייער גאנצער הוילער נאקעטקײַט די הײַנטצײַטיקע עקאָנאָמישע פארהעלטענישנ, אונ ס'ווערנ דערמיט גופע דעמאסקירט די סוידעס פונ דער בורזשואזיע.

K. Маркс. Нищета философии, изд. III, 1931, 51—53.

דאָס אויסמאָלנ (Die Ausmalung) אָט די פיליסטערישע אוטאָפּיע בילדעט פ ר ו ד אָ נ ס סאָציאליזמ, וואָס האָט אפילע ניט, ווי איכ האָב געוויזנ אינ אנ אנדער אָרט, דעמ פארדינסט פונ אָריגינעלקײַט, ווערכנ ס'האָבנ אסאכ פריער אונ בעסער אנטוויקלט Bray, Gray א. א. דאָס שטערט ניט אָט דער כאָכמע (Weisheit) צו געוועלטיקנ (grassieren) הײַנט צו טאָג אינ געוויסע קרײַזנ אונטערנ נאָמענ „science“ [וויסנשאפט]. קיינמאָל האָט א שול זיכ ניט געוואָרפנ מיט וואָרט „science“ מערער, ווי די פרודאָנישע, ווײַל

Wo Begriffe fehlen

Da stellt zur rechten Zeit ein Wort sich ein“ 1)

K. Marx. Das Kapital I, Moscau 1932, 74.

...זײַנ אידעאל פונ גערעכטיקײַט, פונ „justice éternelle“ [אייביקער גערעכטיקײַט] שעפט פרודאָנ פונ די רעכט־פארהעלטענישנ, וואָס אנטשפרעכנ צו דער סכוירע־פראָדוקציע, אונ דורכ דעמ ווערט, אגעוו, געליפערט דער באווײַז, דער טרייסטלעכער פאר אלע פיליסטערס, אז די פאָרמ פונ דער סכוירע־פראָדוקציע איז פונקט אזוי אייביק, ווי די גערעכטיקײַט. אונ פארקערט, דערנאָכ סטארעט ער זיכ אינ העסקעמ מיט אָט דעמ גערעכטיקײַט־אידעאל איבערצופאָרמירנ די ווירקלעכע סכוירע־פראָדוקציע אונ דאָס ווירקלעכע רעכט, וואָס אנטשפרעכט צו איר... ווענ מע זאָגט, אז „וואָכערײַ“ ווידערשפרעכט דער „justice éternelle“ [דער „אייביקער גערעכטיקײַט“], דער „équité éternelle“ [דעמ אייביקנ יוישער], דער „mutualité éternelle“ [„דער אייביקער קעגנזײַטיקײַט“] אונ אנדערע vérités éternelles [„אייביקע עמעסנ“], איז צי דערוויסנ מיר זיכ דענ וועגנ וואָכערײַ עטוואָס מערער אינ פארגלײַכ דערמיט, וואָס עס האָבנ נאָכ געוווּסט די פאָטערס פונ קירכ, ווענ זיי האָבנ געזאָגט, אז וואָכערײַ ווידערשפרעכט צו דער „grâce éternelle“ [דער אייביקער גענאָד], „foi éternelle“ [דעמ אייביקנ גלויבנ], „volonté éternelle de Dieu“ [דעמ אייביקנ גאָטס ווילנ]?

K. Marx. Das Kapital I, Moscau, 1932, 90—91.

... איינע פונ די סאמע שווערסטע אופגאבעס פאר די פילאָסאָפנ איז אראָפלאָזנ זיכ פונ דער וועלט פונ געדאנק אינ דער ווירקלעכער וועלט. די אומיטלבארע ווירקלעכקײַט פונעמ געדאנק — דאָס איז ש פ ר א כ. אזויווי די פילאָסאָפנ האָבנ פארזעלבשטענדיקט דאָס דענקענ, האָבנ זיי אויכ די שפראכ געמוזט אָפזונדערנ אינ א מינ זעלבשטענדיקע קיניגרײַכ. דערינ באשטייט דער סאָד פונ דער פילאָסאָפישער שפראכ, ווו די געדאנקענ, אלס ווערטער, פארמאָגנ זייער אייגענעמ אינהאלט. די אופגאבע אראָפצולאָזנ זיכ פונ דער וועלט פונ געדאנקענ אינ דער ווירקלעכער וועלט ווערט פארוואנדלט אינ דער אופגאבע אראָפצונידערנ פונ דער שפראכ צומ לעבנ.

1) ווו עס פעלנ באגריפנ, דאָרט העלפט ארויס צו דער רעכטער צײַט א וואָרט.

מיר האָבן שוין באוויזן, אַז דאָס אָפּזונדערן געדאַנקען און אידייעס אַלס זעלבשטענדיקע קרעפטן איז אַ פאָלג פון אָפּזונדערן די פּערזענלעכע באַציִונגען און פאַרבינדונגען פון די אינדיווידן. מיר האָבן באוויזן, אַז דאָס אויסשליסלעכע סיסטעמאַטישע פאַרנעמען זיך מיט אָט די געדאַנקען מיצאַד די אידעאָלאָגן און פילאָסאָפן און, הייסט עס, דאָס סיסטעמאַטיזירן אָט די געדאַנקען איז אַ פאָלג פון אַרבעטצעטיילונג, און אַז ספּעציעל די דײַטשישע פילאָסאָפיע איז אַ פאָלג פון די דײַטשישע קליינבירגערלעכע פאַרהעלטענישן. די פילאָסאָפן וואָלטן באַדאַרפט צעלאָזן זייער שפּראַך אין דער געוויינלעכער שפּראַך, וואָס פון איר איז זי אַבסטראַהירט, כּדי צו דערקענען אין איר די פאַרדרייטע שפּראַך פון דערווירקלעכער וועלט און צו פאַרשטיין, אַז ניט דער געדאַנק, ניט די שפּראַך בילדן ניט אַליין פאַר זיך קיין באַזונדער קיניגרײַך, אַז זיי זײַנען בלויז אַרויסווײַזונגען פון דעם ווירקלעכן לעבן.

נאָכפאָלגנדיק אַף אַלע וועגן און שטעגן נאָך די פילאָסאָפן, איז סאַנטשאָ געצוווּנגען זוכן אַ פילאָסאָפישן שטיין, אַ קוואַדראַטור פון אַ קרײַז און אַ לעבן־עליקסיר, ער איז געצוווּנגען צו זוכן אַ „וואָרט“, וואָס זאָל ווי אַזאַ פאַרמאָגן אַ צויבער־קראַפט אַרויסצופירן פונעם קיניגרײַך פון שפּראַך און געדאַנק אינעם ווירקלעכן לעבן. פון פאַרקערן יאָרנלאַנג מיט דאָן־קיכאָטן, האָט זיך סאַנטשאָ אַזוי אָנגענומען מיט זײַן גײַסט, אַז ער באַמערקט ניט, אַז אָט די „אויפגאַבע“ זײַנע, אָט דער „באַרוף“ זײַנער, שטעלט פאָר גאַנץ איינפאַך אַ פאָלג פון גלויבן אין זײַנע שווערוואָגיקע פילאָסאָפישע ריטער־ראָמאַנען.

סאַנטשאָ הייבט אָן דערפון, וואָס ער לייגט אונדז ווידער אויס די הערשאַפט פון דאָס הייליקע און פון אידייעס אין דער וועלט—דאָס מאָל אין דער נײַער געשטאַלט פון דער הערשאַפט פון שפּראַך אָדער פון דער פּראָזע. די שפּראַך, ווי נאָר זי ווערט אָפּגעזונדערט, ווערט זי, פאַרשטייט זיך, גלײַך אַ פּראָזע.

אַף דער ז. 151 רופט סאַנטשאָ אָן די הײַנצײַטיקע וועלט „אַ וועלט פון פּראָזע, אַ וועלט, ווו אין איר אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט“. ער לייגט אויספירלעך אויס די מאָטיוון פון זײַן יאָגן זיך נאָכן צויבער־וואָרט: „די פילאָסאָפישע ספּעקוליאַציע האָט געשטרעבט אָפּצוזוכן אַ פּרעדיקאַט, וואָס זאָל זײַן אַף אַזויפיל אַלגעמיין אַז ער זאָל האָבן אין זיך אײַנגעשלאָסן יעדערן... כּדי דער פּרעדיקאַט זאָל האָבן אין זיך אײַנגעשלאָסן יעדערן, דאַרף יעדערער אַרויסקומען אין אים אַלס סוביעקט, ד.ה. ניט איינפאַך אַזויווי דאָס, וואָס ער איז, נאָר אַזויווי דער, ווער ער איז“ (152 ז.). אַזויווי די ספּעקוליאַציע האָט „געזוכט“ אַזוינע פּרעדיקאַטן, וואָס בײַ סאַנטשאָן האָבן זיי פריִער געהייסן באַרוף, באַשטימונג, אויפגאַבע, אָרט א.אז.וו., האָבן אויך ווירקלעכע מענטשן זיך ביז אַהער „געזוכט“ אין וואָרט, אין לאָגאָס, אין פּרעדיקאַט“ (153 ז.). ביזוואַנען מע האָט ביזאַהער אין די ראַמען פון שפּראַך געשטרעבט אונטערצושיידן איין אינדיווידן פון אַ צווייטן פּאָשעט אַלס אַ אידענטישן פּערזאָן,—האָט מען זיך געניצט מיט אַ נאָמען. סאַנטשאָ באַרויִקט זיך אָבער ניט אַף קיין געוויינלעכע נעמען; אַזויווי די פילאָסאָפישע ספּעקוליאַציע האָט פאַר אים געשטעלט די אויפגאַבע אָפּצוזוכן אַן אַזויפיל אַלגעמיינעם פּרעדיקאַט, וואָס זאָל אין זיך האַלטן יעדערן אַלס סוביעקט, איז זוכט ער אַ פילאָסאָפישן, אַבסטראַקטן נאָמען, אַ „נאָמען“,

וואָס איז העכער איבער אַלע נעמען, ער זוכט דעם נאָמען פון אַלע נעמען, דעם נאָמען אלס קאטעגאָריע, וואָס זאָל, אשטייגער, אונטערשיידן סאנטשאָנ פון ברונאָנ, און זיי ביידן פון פייערבאכנ מיט דער זעלביקער פינקטלעכקייט, ווי זייערע אייגנע־מענ, און זאָל צו דער זעלביקער צייט זיינ אָנגעווענדעט צו אַלע דריי, פונקט אזויווי צו אַלע אנדערע מענטשנ און לעבעדיקע וועזנס,—א נייס, וואָס וואָלט אריינגעבראכט דעם גרעסטנ פלאָנטער אינ אַלע וועקסל־באציִונגענ, כאסענע־קאָנטראקטנ א.אז.וו. און וואָס וואָלט מיט איינ קלאפּ געמאכט א סאָפּ צו אַלע נאָטאריִאַלע קאָנטאָרנ און צו די ביוראָענ פון ציווילנ באשטאנד. אָט דער וווּנדער־נאָמענ, אָט דאָס צויבער־וואָרט, וואָס אינ דער שפּראכ איז עס א טויט פאר דער שפּראכ, אָט דאָס אייזל־בריקל[1] אפּ איבערגיינ צום לעבנ און די העכסטע שטופּע פונ א כינעזישנ לייטער צום הימל, — דאָס איז דער איינציקער. די צויבער־אייגנשאפטנ פונ אָט דעם וואָרט ווערנ באזונגענ אינ פאָלגנדיקע סטראָפעס:

„דער איינציקער—דאָס איז די לעצטע אָפּשטארבנדיקע ארויסזאָגונגענ וועגנ דיר און מיר. דאָס איז אנ ארויסזאָגונג, וואָס ווערט פארוואנדלט אינ א מיינונג:

„אנ ארויסזאָגונג, וואָס איז שוינ מער ניט קיינ ארויסזאָגונג,

„א שטומענדיקע, שטומע ארויסזאָגונג" (ז. 153).

„דאָס ניט־ארויסגעזאָגטע איז דער סאמע איקער" „אינ אים" (אינ דעם איינציקנ).

ער „האָט ניט קיינ דעפיניציע" (דאָרטנ).

„ער ווייַזט אָנ אפּ זיינ אינהאלט אויסער אָדער אפּ יענער זייט באגריפ" (דאָרטנ).

ער איז „א באגריפ, וואָס האָט ניט קיינ דעפּיניציע, און קיינ שום אנדערע באג־ריפנ קענענ אים ניט מאכנ מערער באשטימט" (ז. 150).

„ער איז א פילאָסאָפישע „טויפונג" פונ די וועלטלעכע נעמענ" (ז. 150).

„דער איינציקער—דאָס איז א וואָרט, וואָס האָט ניט קיינ געדאנק".

„ער האָט ניט קיינ שום לאָגישנ אינהאלט".

„ער דריקט אויס מיט זיכ דעם, וואָס קענ ניט עקזיסטירנ א צווייט מאָל און קענ, הייסט עס, אויכ ניט אויסגעדריקט ווערנ;

„ווייל ווענ ער וואָלט געקענט ווירקלעכ און פולשטענדיק אויסגעדריקט ווערנ, וואָלט ער עקזיסטירט א צווייט מאָל, וואָלס ער געהאט אנ אויסדרוק" (ז. 151).

באזונגענ אזויארום די אייגנשאפטנ פונ אָט דעם וואָרט, גיט ער אָפּ קאָוועד די רעזולטאטנ, וואָס האָבנ זיכ באקומענ אדאנק דעם אנטדעקנ זיינ ווונדערקראפט, אינ אזוינע אנטיסטראָפעס:

„באנאנד מיט דעם איינציקנ איז פארגאנצט דאָס קיניגרייכ פונ אבסאָליוטע גע־דאנקענ" (ז. 150).

„ער איז דער שטיינ, וואָס פארשליסט דעם געוועלב פונ אונדזער וועלט פונ פראַ־זעס" (ז. 151).

„ער איז די לאָגיק, פארענדיקט ווי א פראזע" (ז. 153).

„אינ דעם איינציקנ קענ די וויסנשאפט צעגיינ אינעם לעבנ.

„ווייל איר אָט דאָס ווערט אזא און אזא,

„וואָס זוכט זיכ שוינ ניט מער אינעם וואָרט, אינעם לאָגאָס, אינעם פרעדיקאט" (ז.153).

[1] Eselbrücke — וואָרט־טייטש(ער) (בוכשטעבלעכ — בריק פאר אייזלענ) (ע. ס.).

... מיר האָבן געזען, אז די גאנצע אופגאבע אריבערצוגיין פון דענקען צו ווירקלעכקייַט און, הייסט עס, פון שפּראך צום לעבן עקזיסטירט בלויז אין דער פילאָסאָפישער איליוזיע, ד. ה. זי איז רעכטמעסיק בלויז לעגאבע דעם פילאָסאָפישן באַוווסטזייַן, פאר וועלכן ס'קען ניט קלאָר זייַן דער כאראקטער און דער אָפּשטאם פון זייַן אימאזשינערן אָפּטיילן זיך פונעם לעבן. אפ וויפל אָט די גרויסע פּראָבלעם האָט ביקלאל א שווינדל געטאָן אין די קעפ פון אונדזערע אידעאָלאָגן, האָט זי, פארשטייט זיך, סאָפּקאָלסאָפּ געמוזט צווינגען איינעם פון אָט די וואנדערנדיקע ריטער צו לאָזן זיך זוכן א וואָרט, וואָס אלס וואָרט גיט עס דעם געזוכטן אריבערגאנג, וואָס אלס וואָרט הערט עס איינפאך אופ צו זייַן א וואָרט און ווייַזט אפ א געהיימנישפולן איבערשפּראכיקן אויפן דעם ארויסגאנג פון דער שפּראך צוםווירקלעכן אָבּיעקט, וואָס זי באצייכנט, וואָס שפּילט, קורץ גערעדט, צווישן ווערטער די זעלביקע ראָליע, וואָס עס שפּילט צווישן מענטשן אין דער קריסטלעכער פאנטאזיע גאָטמענטש דער אויסלייזער...

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. IV. 1932.
Нем. идеология („Святой Макс“), 434—437.

... לויט סאנקט-סאנטשאָס מיינונג, זוכן די, וואָס זייַנען אונטערגעדריקט פון דער געזעלשאפט, אן עכטע געזעלשאפט. ווען ער זאָל זייַן קאָנסעקווענט, וואָלטן אויך די, וואָס „זוכן די שולד אין דער מעלוכע“—און בא אים זייַנען דאָך די זעלביקע פּערזאָנען—באדארפט געווען זוכן אן עכטע מעלוכע. טויג עס אָבער ניט פאר אים, ווייַל ער האָט געהערט, אז די קאָמוניסטן ווילן אָפּשאפן די מעלוכע. אָט דאָס אָפּשאפן די מעלוכע באדארפ ער איצט קאָנסטרויִרן, און אונדזער הייליקער סאנטשאָ פּילט עס טאקע ווידעראמאָל אויס מיט דער הילפ פון זייַן „גרויען“—דער גראמאטישער אפּאָזיציע, און פּילט עס אויס אפ אן אויפן, וואָס „זעט אויס זייער איינפאך“. „אזיווי די ארבעטער געפינען זיך אין א נויט-צושטאנד (Notstand), דארפ אָפּגעשאפט ווערן די עקזיסטירנדיקע זאכלאגע (Stand der Dinge), ד. ה. די מעלוכע (der Staat=Status=Stand)“. אלזאָ:

דער נויט-צושטאנד=דער איצטיקער זאכלאגע,
די איצטיקע זאכלאגע=דער לאגע (Stand).
Status=Stand [צושטאנד, אייַנאָרדענונג]
Staat=Status [מעלוכע].
שלוס: דער נויט-צושטאנד=מעלוכע.

וואָס קאָן „אויסזען איינפאכער“? „מע קאָן זיך נאָר וואונדערן“, וואָס די ענגלישע בורזשואזיִע אין 1688 יאָר און די פראנצויזישע אין 1789 י. זייַנען ניט „געקומען“ צו די זעלבע איינפאכע „האשאָרעס“ און גלייַכונגען, האגאם אין יענע צייַטן איז דאָך אין אסאך א גרעסערער מאָס געווען ריכטיק די גלייַכונג „Stand [לאגע, שטאנד]=der Sttat=Status [מעלוכע]“. דערפון איז געדרונגען, אז אומעטום, ווו ס'איז פאראן נויט-צושטאנד, דארפ אָפּגעשאפט ווערן די „מעלוכע“, וואָס איז, געוויינטלעך, איינע און די זעלביקע אין פּרייַסן און אין צפון-אמעריקע.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. IV, 1932.
Немецкая идеология („Святой Макс“), 190—191.

... אז עס גייט די רייד וועגן אונדזער „איינציקנ" [1] אוועטער איז קלאָר פון זיך אליין, אז אלס גרונט פון זיין געניאַלקייט דינט א גלענצנדיקע ריי פערזענלעכע פאָרצוגן, וואָס שאַפן זיין באַזונדערע ווירטואָזקייט פונעם דענקען. אזויווי אָט די אלע פאָרצוגן זיינען שוין איבן אויספירלעך אופגעדעקט געוואָרן, ווען דאָ זיין גענוג אין קורצן אוועקצושטעלן איינעם קעגן דעם אנדערן די הויפּטלעכסטע צווישן זיי: אומציכטיקייט אינעם דענקען—פלאָנטערדיקייט — ניטפארבונדנקייט, אָפענע אומ־באהאָלפנקייט — אומענדלעכע איבערכאזערונגען — שטענדיקער ווידערשפרוך מיט זיך זעלבסט—אומפארגלייכלעכע פארגלייכונגען — פרווון אָנצושרעקן דעם לייענער — דאָס סיסטעמאטישע ארויספרעסן פרעמדע געדאנקען מיט דער הילף פון די ווערטעלעך „דו", „עמעצער", אָנפערזאָניקע ווענדונגען א.אז.וו. און פון גראָבן מיסברויכן מיט די בינדווערטער „וויל", „דערפאר", „דעריבער", „אזוווי", „אלזאָ", „נאָר" א.אז.וו. — אמראצעס—שווערוואָגיקע פארזיכערונגען — פּייערלעכער לייכטזין—רעוואָליוציאָנערע פראזעס און פרידלעכע געדאנקען—שטאמלעניש—אופגעבלאָזענע באנאַלקייט און דאָס קאָקעטירן מיט ביליקער ניטאָנשטענדיקייט — דאָס ארופבּרענגען די פלאפלעריי פון א ראָג־שטייער [2] צום ראנג פון אן אבסאָליוטער באגריפ־אָפּהענגיקייט פון די העגעלישע טראדיציעס און פון גאנגבארע בערלינער פראזעס — קורצ, א פולשטענ־דיקע צוגרייטונג פון אן אומענדלעכן קאפּצאָנישן זופּ (ז. 491) לויט רומפּאָרדס [3] מעטאָד.

ווייטער שווימט ארום אין דעם קאפּצאָנישן זופּ, ווי אין געשטאלט פון ביינער, א גאנצע ריי איבערגאנגען, וואָס איינציקע מוסטערן דערפון וועלן מיר דאָ ברענגען, אפ צו פארווייַלן דאָס געוויינלעכע אזוי דערשלאָגענע דייטשישע פּוב־ליקום: „צי וואָלטן מיר ניט געקענט — דאָך אָבער — טיילמאָל האלט מען — מע קען אָבער — צוליב דער ווירקעוודיקייט דערפון... איז באזונדערס נויטווענדיק דאָס, מיט וואָס א טייל... מע דערמאנט — און דאָס הייסט — איצט, וועלן מיר זאָגן צום שלוס, ס'איז עפּשער קלאָר — דאן ווען — דאָ קען מען, אגעוו, א טראכט טאָן — ווען ניט — אָדער ווען ס'וואָלט, אשטייגער, ניט געווען—דאָס פירט ווייטער... דערצו, אז... ס'איז ניט שווער...—פון א געוויסן קוק כקירעס מען אנערעך אזוי,—אשטייגער, א.אז.וו." א.אז.וו. און „אזוי בלייבט עס" אין קאָלערליי „פארוואנדלונגען"...

... זיין קענען אונטערשיידן איז לאכלוטן ניט צו פארגלייכן מיט זיין קענען ניט־אונטערשיידן, מיט זיין קענען מאכן אלע קעץ גרוי אינעם ביין־האשמאָשעס פאר־בעם הייליקן און אלץ רעדוצירן צו אלץ — א קונסט, וואָס געפינט זיין אדעקוואטן אויסדרוק אין דער גראמאטישער אפּאָזיציע...

אפּאָזיציע — דאָס איז דער „גרויער" פון אונדזער סאנטשאָ, זיין לאָגישער און היסטאָרישער לאָקאָמאָטיוו, די באוועג־קראפט פונעם „בוך", געבראכט צו איר

---

[1] מיט שטירנערס בוך „דער איינציקער און זיין אייגנטום" איז פארנומען העכער א העלפט פון דער „דייטשישער אידעאָלאָגיע" (ע. ס.).

[2] (באמערקונג פון דער רוס. רעדאקציע). Eckensteher Nante — א פערסאנאזש פון האַלטאַס דראמע „Die Tragödie in Berlin" (Holtay).

[3] בייערישער מיניסטער, אָרגאניזאטאר פון אָרעמקייט־הייזער, ווו די דערנערונג פלעגט באשטיין פון אן עקלדיקן שיטערן זופּ (ע. ס.).

קירצסטן איינפאכסטן אויסדרוק. אפ צו פאַרוואנדלען איינ פאָרשטעלונג אינ א צווייטער אָדער אפ צו דערווייַזן די אידענטישקייַט פונ צוויי לאכלוטן פארשיידנארטיקע זאכן ווערן צוגעזוכט עטלעכע צווישנרינגען, וואָס טיילווייַז לויט זייער זינען נאָכ, טיילווייַז לויטן עטימאָלאָגישן באשטאנד אונ טיילווייַז פּאָשעט לויט זייער קלינגען פּאסן זיי אפ אייַנצושטעלן א קלוימערשטע פארבינדונג צווישן ביידע גרונט־פּאָרשטעלונגען. די דאָזיקע רינגען ווערן דערנאָכ צוגעשפּיליעט אלס אפּאָזיציע צו דער ערשטער פּאָרשטעלונג, דערבייַ אפ אזא אויפן, אז דו גייסט ווייַטער אוועק פונעם אויסגאנג־פּונקט, אונ דו דערנעענטערסט זיכ אלץ מערער צום געווונטשענעם פּונקט. ווען די קייט אפּאָזיציעס איז אפּ אזויפיל פארטיק, אז מע קענ זי אָנ שום געפאר צונויפשליסן, ווערט דאנ די שלוס־פּאָרשטעלונג אויכ צוגעשפּיליעט מיט דער הילפּ פונ א טירע, אלס אפּאָזיציע—אונ דער פּאָקוס איז דורכגעמאכט. דאָס איז א העכסט באקוועמער אויפן פונ קאָנטראבאנדישן דורכשלעפּן געדאנקען, וואָס איז אלץ מער ווירקלעכ, וואָס מערער ער דינט אלס הייבער פונ די הויפּט־באהאנדלונגען. אויב מע זאָל מיט דערפאָלג דורכמאכן אָט דעם פּאָקוס עטלעכע מאָל דורכאנאנד, קענ מען, גייענדיק נאָכ סאנטשאָן נאָכ, ארויסוואַרפן באזונדערע רינגען איינעם נאָכ דעם אנדערן אונ רעדוצירן, ענדלעכ, די גאנצע קייט אפּאָזיציעס צו אייניקע סאמע נייטיקע דריירלעכ. ווייַטער קענ מען די אפּאָזיציע, ווי מיר האָבן אויבן געזען, אויכ איבערקערן אונ קומען אזויארום צו נייַע קאָמפּליצירטע פּאָקוסן אונ צו נאָכ מער באראשנדיקע רעזולטאטן. מיר האָבן אויכ געזען, אז די אפּאָזיציע איז די לאָגישע פּאָרם פונ דער אומענדלעכער ריי, וואָס ווערט געברויכט אינ מאטעמאטיק. דער הייליקער סאנטשאָ ווענדט אָנ די אפּאָזיציע אפ צווייערליי אויפאנים, ערשטנס, ריינ לאָגיש, באם קאנאָניזירן די וועלט, ווו די אפּאָזיציע דינט אים אפ צו פארוואנדלען א באליביקע וועלטלעכע זאכ אינ „הייליקס", אונ צווייטנס, היסטאָריש, באם איבערגעבן די פארבינדונג צווישן פארשיידענע עפּאָכעס אונ בא זייער כאראקטעריסטיק, דערבייַ ווערט יעדע היסטאָרישע שטופּע געבראכט צו איינ אונ איינציקן וואָרט, אונ סאָפּקאָלסאָפּ באקומט זיכ דער רעזולטאט, אז דער לעצטער רינג פונ דער היסטאָרישער ריי איז אפ קיינ האָר ניט ווייַטער פונעם ערשטן רינג, אונ אלע עפּאָכעס פונ דער געגעבענער ריי ווערן צום שלוס ארונטערגעפירט אונטער איינ איינציקער קאטעגאָריע, ווי אידעאליזם, אָפּהענגיקייַט פונ די געדאנקען א.אז.וו. אונ אויב מע דארפּ דער היסטאָרישער ריי אפּאָזיציעס צוגעבן די שייַנבארקייַט פונ פּראָגרעס, ווערט עס געטאָן דורכ דעם, וואָס די שלוס־פּראזע ווערט פּאָרגעשטעלט אלס א פארענדיקונג פונ דער ערשטער עפּאָכע פונ דער ריי, אונ די צווישנרינגען—אלס שטייַגנדיקע אנטוויקלונג־שטופּעס אפּן וועג צו דער לעצטער פארענדיקנדיקער פּראזע.

באנאנד מיט אפּאָזיציע גייט ס י נ אָ נ י מ י ק, וואָס דער הייליקער סאנטשאָ עקספּלואטירט זי אפּ אלע אויפאנים. אויב צוויי ווערטער זייַנען געבונדן עטימאָלאָגיש, אָדער אפילע זיי זייַנען בלויז ענלעכ לויט קלאַנגען, ווערט אפ זיי ארופגעלייגט סאָלידארישע פאראנטוואָרטלעכקייַט איינס פארן אנדערן: אויב איינ וואָרט האָט פּארשיידענע באטייַטן, ווערט עס געברויכט, געווענדט אָנ דעם, ווי ס'איז נייטיק, דאָס אינ איינ באטייַט, דאָס אינ א צווייטן באטייַט, דערבייַ ווערט געמאכט דער אָנשטעל, אז דער הייליקער סאנטשאָ רעדט קלוימערש וועגן איינ אונ דער זעלבער זאכ אינ

ר שיידענע „איבערבערעכונגען“. ווידער מאכט אויס א ספּעציעלן צווײַג פון דער סינאָנימיק די איבערזעצונג, ווען אוואָסער ס'ניט איז פראנצויזישער אָדער לאטײַנישער אויסדרוק ווערט דערגאנצט מיט א דײַטשישן אויסדרוק, דורך וועלכן ער ווערט אויסגעדריקט אפ האלב, און באנאנד דערמיט האָט ער נאָך אויך גאָר אן אנדער באטײַט — ווען, אשטייגער, דאָס וואָרט „respectieren“ ווערט, ווי מיר האָבן געזען אויבן, איבערגעזעצט: „שפּירן ערפורכט און שרעק“ א. אז. וו. לאָמיר זיך דערמאנענ אויך די ווערטער Staat, Status, Stand, Notstand א.אז.וו.

אינעם קאפּיטל וועגן קאָמוניזם האָבן מיר שוין געהאט די געלעגנהײַט צו באקענען זיך מיט א מענגע בײַשפּילן פון אזא געברויכן צווייײַטיקע אויסדרוקן. לאָמיר באטראכטן אין קורצן נאָך איין בײַשפּיל פון עטימאָלאָגישער סינאָנימיק.

„דאָס וואָרט „Sal“ אויב „Gesellschaft“ [„געזעלשאפט“] שטאמט פונעם וואָרט אינעם זאל (Saal) איז פאראן אסאך מענטשן, איז דער זאל די סיבע דערפון, וואָס זיי געפינען זיך אין דער געזעלשאפט. זיי געפינען זיך אין א געזעלשאפט, און דאָס גרעסטע, וואָס זיי שאפן, איז א סאלאָן־געזעלשאפט, גערעדט מיט געוויינלעכע סאלאָן־פראזעס. דאַרטן אָבער, ווו מיר האָבן א ווירקלעכן פארקער, דארף מען דעמ דאָזיקן פארקער האלטן פאר אומאָפּהענגיק פון דער געזעלשאפט“ (ז. 286).

אזויווי „דאָס וואָרט Gesellschaft שטאמט פון „Sal“ (וואָס ס'איז, אגעוו, ניט ריכטיק, ווײַל די ערשטיקע וואָרצלען פון אלע ווערטער זײַנען ווערבן) באדארף „Sal“ צונויפאלן מיט „Saal“. „Sal“ אָבער באטײַט אפ דער אלט־הויכדײַטשישער ריידעניש געבײַ, פונוואנען ס'שטאמט Geselle, Kisello [מיטוווינער], Gesellschaft [צוזאמענוווינונג], היימיקער, אזוי אז „Saal“ איז אהער צוגעצויגן אינגאנצן ווילקירלעך. דאָס מאכט אָבער ניט אויס; „Saal“ ווערט גלײַך פארוואנדלט אין „Salon“, פונקט ווי צווישן דעמ אלטהויכדײַטשישן „Sal“ מיטן נײַ־פראנצויזישן „Salon“ ליגט ניט קיין מעהאלעך פון אנערעך טויזנט יאָר און פון פונקט אזויפיל מײַל. אזוי ווערט די געזעלשאפט פארוואנדלט אין א סאלאָן־געזעלשאפט, ווו מע ווארפט זיך בלויז דורך מיט פראזעס לויט דער דײַטשיש־פיליסטערישער פאָרשטעלונג, נאָר ס'איז ניטאָ קיין ווירקלעכער פארקער. אגעוו, אפ וויפל פארן הייליקן מאקס איז וויכטיק בלויז צו פארוואנדלען די געזעלשאפט אין א „הייליקער“, וואָלט ער צו דעמ געקענט דערגרייכן אפ אסאך א קירצערן אויפן, ווען ער זאָל זיך שטארקער פארנעמען מיט עטימאָלאָגיע און ארײַנקוקן אין א באליביק עטימאָלאָגיש ווערטערבוך. וואָס פאר א געפינס ס'וואָלט פאר אימ געווען צו אנטדעקן די עטימאָלאָגישע פארבינדונג צווישן די ווערטער „Gesellschaft“ און „selig“ [זעליק] — Gesellschaft selig — heilig — das Heilige [געזעלשאפט — זעליק — הייליק — דאָס הייליקע] — וואָס קען נאָך זײַן איינפאכער?

אויב „שטירנערס“ עטימאָלאָגישע סינאָנימיק איז ריכטיק, זוכן דאָ די קאָמוניסטן עמעסע גראפשאפט, גראפשאפט אלס דאָס הייליקע. אזויווי Gesellschaft שטאמט פון Sal, געבײַ, אזוי שטאמט Graf (דאָס גאָטישע garâvjo) פונעם גאָטישן râvo, הויז. Râvo = געבײַ, הויז, איז, הייסט עס, Gesellschaft = Grafschaft [געזעלשאפט = גראפשאפט]. די פרעפיקסן און די סופיקסן זײַנען אין בײדע פאלן אלציינע, די וואָרצל־

טראפּן האָבן אַן אַלציינעם באַטײַט, איז, הייסט עס, די הייליקע געזעלשאַפט פון די קאָמוניסטן א הייליקע גראַפשאַפט.

א גראַפשאַפט אַלס דאָס הייליקע — וואָס קען זײַן איינפאַכער? דער הייליקער סאַנטשאָ האָט עס אַזויווי געפילט, ווען ער האָט אינעם קאָמוניזם אײַנגעזען די פאַרענדיקונג פון דער לען־סיסטעם, ס׳הייסט פון דער סיסטעם פון גראַפ־שאַפטן.

די סינאָנימיק דינט אונדזער הייליקן, פון איין זײַט, אַף צו פאַרוואַנדלען עמפּי־רישע פאַרהעלטענישן אין ספּעקוליאַטיווע, צוליב דעם ווענדט ער אָן א וואָרט, וואָס ווערט געברויכט אי אינעם פּראַקטישן לעבן, אַזוי אויך אין דער ספּעקוליאַציע, אין זײַן ספּעקוליאַטיוון באַטײַט, ער וואַרפט עטלעכע פראַזעס וועגן אָט דעם ספּעקוליאַ־טיוון באַטײַט און מאַכט דערנאָך דעם אָנשטעל, אַז ער האָט שוין דערמיט גופע געקריטיקירט אויך יענע רעאַלע פאַרהעלטענישן, וואָס ווערן אויך באַצייכנט מיט אָט דעם וואָרט. אַזוי באַגייט ער זיך מיטן וואָרט „ספּעקוליאַציע“. אַף דער ז. 406 „ווײַזט זיך אַרויס“, אַז „די ספּעקוליאַציע“ איז פון ביידע זײַטן אַן איינהײַטלעכע וועזן, וואָס הילט זיך אין „צווייערלייִקער אַרויסווײַזונג“ — אָ, שעליגאַ! ער וואַרפט זיך אַרוף אַף דער פילאָסאָפישער ספּעקוליאַציע און מיינט, אַז דערמיט גופע האָט ער זיך שוין צערעכנט אויך מיט דער האַנדל־ספּעקוליאַציע, וואָס ער ווייסט וועגן איר גאָרנישט ניט, — פון דער אַנדערער זײַט דינט אים, דעם פאַרבאַהאַלטענעם קליינבירגער, די זעלביקע סינאָנימיק אַף צו פאַרוואַנדלען בורזשואַזע פאַרהעלטענישן (זע דאָס, וואָס איז אויבן געזאָגט אינעם קאַפּיטל „קאָמוניזם“ וועגן דער פאַרבינדונג פון שפּראַך מיט די בורזשואַזע פאַרהעלטענישן) אין פּערזענלעכע אינדיווידועלע באַ־ציִונגען, וואָס מע קען זיי ניט אָנרירן, ניט אָנרירנדיק דערמיט גופע דעם אינדיוויד און זײַן אינדיווידואַליטעט, זײַן „באַזונדערקײַט“ און „איינציקײַט“. אַזוי, אַשטייגער, ניצט סאַנטשאָ אויס די עטימאָלאָגישע פאַרבינדונג צווישן Geld [געלט] און Geltung [באַטײַט], Vermögen (פאַרמעגן) און vermögen [זײַן פייִק] א. אז. וו.

פאַרייניקט מיט גראַמאַטישער אַפּאָזיציע, בילדעט די סינאָנימיק דעם גרונט־הייבער פון זײַנע שווינדלערישע פאָקוסן, וועלכע מיר האָבן שוין אָן שיר מאָל דע־מאַסקירט. קעדיי צו ווײַזן אַף א בײַשפּיל, וואָס פאַר א ניט־פאַרשפּיצטע קונסט דאָס איז, וועלן מיר אויך דורכמאַכן איין שווינדלערײַ à la סאַנטשאָ.

Wechsel [ענדערונג] אַלס ענדערונג איז דער געזעץ פון דער דערשײַנונג, זאָגט העגעל. דערפון, וואָלט געקענט פאָרזעצן „שטירנער“, איז די האַרבקײַט פונעם געזעץ קעגן פאַלשע Wechsel [וועקסלען], ווײַל דערהויבן איבער די דערשײַנונגען איז דער געזעץ, דער געזעץ אַלס אַזאַ, דער הייליקער געזעץ, דער געזעץ אַלס דאָס הייליקע. דאָס הייליקע — אָט קעגן וואָס עס ווערט דאָ באַגאַנגען א זינד, און אָט פאַרוואָס מע דאַרף נעקאָמע נעמען אין דער שטראָף. אָדער אַנדערש: Der Wechsel אין זײַן צווייערלייִקער „אַרויסווײַזונג“, אַלס Wechsel [וועקסל] און אַלס Wechsel [ענדערונג] ברענגט צו Verfall [צום אויסגיין פון טערמין=יערידע]. Der Verfall [יערידע] אַלס רעזולטאַט des Wechsels [ענדערונג] איז צו באַמערקן אין דער געשיכטע, אַגעוו, אין דער פאָרם פונעם אומקום פון דער רוימישער אימפּעריע, פונעם פעאָדאַליזם, פון דער גערמאַנישער אימפּעריע און פון נאַפּאָלעאָנס הערשאַפט. „ס׳איז ניט שווער“

„דער איבערגאנג פונ" אָט די גרויסע היסטאָרישע קריזיסנ „צו" די אינ־דוסטריעלע קריזיסנ פונ אונדזוערע טעג, אונ דערמיט טאקע איז צו דער־קלערנ, פארוואָס אָט די לעצטע קריזיסנ זײַנען אלעמאָל באדינגט פונ דעם, וואָס עס גייט אויס דער וועקסל־טערמינ (durch den Verfall von Wechseln)

אָדער ער וואָלט אויכ געקענט, ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט „פארמעגנ" אונ מיט „געלט", בארעכטיקנ דעם „וועקסל" עטימאָלאָגיש אונ „פונ א געוויסנ שטאנד־פונקט כקירענ אנערעכ אזוי": די קאָמוניסטנ וועלנ, אגעוו, באַזײַטיקנ den Wechsel [דעם וועקסל]. ציי באשטייט אָבער ניט גראָד אינ דעם Wechsel [ענדערונג] די הויפּט־פרייד פונ דער וועלט? זיי שטרעבנ, הייסט עס, צו טויט, צו אומבאוועגלעכעס, צו כינע, — א פולקומער כינעזער איז, הייסט עס, א קאָמוניסט. „דערפונ" זײַנען די טיראדעס פונ די קאָמוניסטנ קעגנ די Wechselbriefe [לײַבריוו] אונ Wechsler [כאלפאָנים]. קלוימערשט ווי ניט יעטווידער בריוו איז א Wechselbrief, א בריוו, וואָס קאָנסטאטירט א געוויסע ענדערונג, אונ ניט יעטווידער מענטש איז א Wechselnder Wechsler [זיכענדערנדיקער מענטש].

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. IV, 1933.
Немецкая идеология. („Святой Макс"), 251—256.

... „אויסער מיר איז ניטאָ קיינ רעכט: וואָס ס'איז געווענדעט פאר מײַנע אינ־טערעסנ, דאָס איז — ריכטיק. מעגלעכ, אז דערפונ ווערט עס נאָכ ניט געווענדעט פאר די אינטערעסנ פונ אנדערע" (ז. 249). מע וואָלט, אייגנטלעכ, באדאפט זאָגנ: וואָס ס'איז געווענדעט פאר מײַנע אינטערעסנ, דאָס איז געווענדעט פאר מײַנע אינטערעסנ אונ קלאָל ניט פאר די אינטערעסנ פונ אנדערע. מיר האָבנ שוינ איצט געהאט גענוג בײַשפּילנ דערפונ, וואָס פאר סינאָנימיסטישע „פלוי־שפּרונגענ" דער הייליקער סאנ־טשאָ מאכט דורכ מיטנ וואָרט „רעכט".

רעכט אונ ריכטיק, יורידיש „רעכט", מאָראליש „רעכט", דאָס, וואָס עס איז גע־ווענדעט פאר זײַנע אינטערעסנ א. אז. וו. — דאָס אלצ ווערט געברויכט איינס נאָכנ אנדערנ, ווו מע דארפ נאָר. זאָל דער הייליקער מאקס זיכ פּרווונ איבערזעצנ זײַנע האנאָכעס וועגנ רעכט אפ אנ אנדער שפּראכ, וועט זייער אומזינ ווערנ פולקום באַ־שײַמפּערלעכ...

К. Маркс и Ф. Энгельс, Соч. т. IV, 1932.
Немецкая идеология („Святой Макс"), 10.

... „איכ דארפ באַזײַטיקנ דעם האלבלעכנ אויסדרוק־אויפנ, מיט וועלכנ כ'האָב זיכ געוואָלט באנוצנ, קאָלזומאנ איכ האָב גענישטערט אינעם איינגעווייד פונ רעכט אונ פארהיט כאָטשבי אָט דאָס וואָרט. אינ דערווירקלעכקײַט אָבער פארלירט דעם זינענ איינינעם מיטנ באגריפ אויכ דאָס וואָרט. דאָס, וואָס איכ האָב אָנגערופנ מײַנ רעכט, דאָס איז שוינ גאָרניט קיינ רעכט" (ז. 275). יעדערער וועט גלײַכ טאקע פאר־שטיינ, פארוואָס דער הייליקער סאנטשאָ האָט פארהיט אינ די אויבנגעבראכטע אנ־טיטעזעס דאָס „וואָרט" רעכט. אזויווי ער רעדט קלאָל ניט וועגנ דעם אינהאלט פונ רעכט אונ נאָכ ווייניקער קריטיקירט ער עס, קענ ער דעריבער בלויז דורכ פארהיטנ דאָס וואָרט רעכט מאכנ דעם אָנשטעל, אז ער רעדט קלוימערשט וועגנ רעכט. לאָזט מענ ארויס אינ דער אנטיטעזע דאָס וואָרט רעכט, פארבלײַבנ אינ איר

ניט מער ווי „איכ“, „מײַנ“, אונ אנדערע גראמאטישע פאָרמעס פונ פראָנאָמענ אינ ערשטער פערזאָנ. דער אינהאלט איז דאָ אלעמאָל ארײַנגעבראכט געוואָרנ בלויז דורכ בײַשפּילנ, וואָס זײַנענ אָבער, ווי מיר האָבנ געזענ, אלעמאָל געווענ טאווטאָלאָגיעס, ווי לעמאָשל: אויב איכ הארגע, איז הארגע איכ א. אז. וו. אונ אינ וועלכע די ווערטער „רעכט“, „רעכנט זיכ פאר גערעכט“ א. אז. וו. פלעגנ געברויכט ווערנ בלויז אפ צו פארדעקנ די בעפײַרעשע טאווטאָלאָגיע אונ צו ברענגענ זי אינ וואָסערער ס'ניט איז פארבינדונג מיט די אנטיטעזעס. אויכ די סינאָנימיק איז בארופנ געוואָרנ אפ צו באשאפנ די שײַנבארקײַט, אז דאָ גייט קלוימערשט א רייד וועגנ עפּעס א אינהאלט. ס'איז, אגעוו, פולקומ קלאָר, וואָס פאר אג אומויסשעפּלעכער ברונעמ פונ בארימערײַ איז אָט די אינהאלטלאָזיקע פלאפּלערײַ וועגנ רעכט. דאָס גאנצע „נישטערנ אינעמ אינגעווייד פונ רעכט“ איז, אזויארום, באשטאנענ אינ דעמ, וואָס דער הייליקער סאנטשאָ האָט זיכ באנוצט מיט דעמ „האלבלעכנ אויסדרוק-אויפנ“ אונ האָט „פארהיט כאָטשבי דאָס וואָרט“, ווײַל ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגנ וועגנ דער עצעמ זאכ...

דאָרטנ, 302.

פײַערבאכס ווירקלעכער אידעאליזמ ווײַזט זיכ גלײַכ ארויס, ווי נאָר מיר קומענ צו צו זײַנ פילאָסאָפיע פונ רעליגיע אונ עטיק. ער וויל קלאָל ניט אָפּשאפנ די רעליגיע, ער וויל זי פארפולקומענ (Vollenden). גופע די פילאָסאָפיע דארפ אופגיינ (aufgehen) אינ רעליגיע...

דער אידעאליזמ באשטייט דאָ בא פײַערבאכנ דערינ, וואָס די פארהעלטענישנ פונ מענטשנ אײנעמ צומ אנדערנ, די פארהעלטענישנ, וואָס באזירנ זיכ אפ קעגנזײַטיקער נײגונג, ווי געשלעכט-ליבע, פרײַנטשאפט, מיטלייד, זעלבסטאָפּפערונג א. אז. וו. לאָזט ער ניט זיי זאָלנ אײנפאכ גילטנ אלס דאָס, וואָס זיי זײַנענ פונ זיכ זעלבסט אָנ א זייכער פונ וואָסער ניט איז ספּעציעלער רעליגיע, וואָס געהערט אויכ פאר אימ צו דער פארגאנגענהײַט, נאָר ער באהויפּט, אז דעמ פולנ באטײַט באקומענ אָט די פארהעלטענישנ וויבאלד נאָר זיי ווערנ העכער געהייליקט מיטנ נאָמענ רעליגיע. דער איקער איז בא אימ ניט דאָס, וואָס די דאָזיקע רײנ-מענטשלעכע פארהעלטענישנ עקזיסטירנ, נאָר אז זיי זאָלנ אופגעפאסט ווערנ ווי די נײַע עמעסע רעליגיע, אונ אז פאר פולקומע זאָלנ זיי גילטנ ערשט דאנ, ווענ זיי וועלנ זײַנ רעליגיעז-אָפּגעשטעמפּלט. רעליגיע שטאמט אָפּ פונ religare, אונ אורשפּרינגלעכ הייסט עס פארבינדונג. רעליגיע איז אזויארום יעטווידע פארבינדונג צווישנ צוויי מענטשנ. אזוינע עטימאָלאָגישע קונצשטיק בילדנ די לעצטע באהעלטעניש (Auskunftsmittel) פונ דער אידעאליסטישער פילאָסאָפיע. גילטנ זאָל ניט דער באטײַט, וואָס דאָס וואָרט האָט געקראָגנ לויט דער געשיכטלעכער אנטוויקלונג פונעמ ווירקלעכנ געברויכ, נאָר וואָס עס באטײַט לויט דער אָפּשטאמונג נאָכ. אונ אזוי ווערט די געשלעכט-ליבע אונ די געשלעכטלעכע פארבינדונג פאהימלט אינ א „רעליגיע“, אבי נאָר ס'זאָל פונ דער שפּראכ ניכ פארשווינדנ דאָס וואָרט רעליגיע, וואָס איז טײַער דער אידעאליסטישער דערינערונג. פונקט דאָס אייגענע רעדנ אינ די 40-קער יאָרנ די פאריזשער רעפאָרמיסטנ פונ לוי בלאנקס ריכטונג, וואָס האָבנ זיכ אויכ געקענט פאָרשטעלנ א מענטשנ אָנ רעליגיע

נאָר אלס א בייזוווּנדער (Montsrum) אונ פלעגנ זאָגנ: Donc, l'atheisme c'est votre religion! [1].

Friedrich Engels. Ludwig Feuerbach und der Aufgange
der klassischen Deutschen Philosophie, Moscau; 1932, 39-40.

... פונ דעם אלעם זעט מענ אויכ, וואָס פאר א טאָעס ס'האָט פײַערבאכ, ווענ מיט דער הילפ פונ דער קוואליפיקאציע „געזעלשאפטלעכער מענטש" דערקלערט ער זיכ (Wigands Vierteljahresschrift, 1845, Bd 2) פאר א קאָמוניסט, פארוואנדלענדיק די דאָזיקע באצייכענונג אינ פרעדיקאט פונעם מענטשנ „אלס אזעלכנ" אונ האלטנדיק, אזויארומ, פאר מעגלעכ ווידער צו פארוואנדלענ אינ א הוילער קאטעגאָריע דעם דאָ-זיקנ באגריפ, וואָס באצייכנט אינ דער ווירקלעכער וועלט אנ אָנהענגער פונ א בא-שטימטער רעוואָליוציאָנערער פארטיי.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Нем. Идеология. Соч. IV. 1933, 32.

... דאָס וואָרט „קאפיטאל" אינ זײַנ מאָדערנעמ עקאָנאָמישנ באטײַט קומט אָבער צוערשט אופ צו יענער צײַט, ווענ ס'טרעט ארויס די זאכ גופע, ווענ דאָס באוועג-לעכע רײַכטומ באקומט אלצ מער אונ מער א קאפיטאל-פונקציע, וואָס עקספלואטירט (ausbetet) די מערארבעט פונ פרײַע ארבעטער אפ צו פראָדוצירנ סכוירעס, אונ אײַנפירנ פירט אײַנ אָט דאָס וואָרט די ערשטע היסטאָרישע קאפיטאליסטנ-נאציע — די איטאליענער פונעמ 15-טנ אונ 16-טנ י. ה. אונ אויב מארקס האָט צוערשט דורכאנאליזירט ביזנ גרונט דעמ פארייגנ-אויפנ, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר דעמ מאָדערנעמ קאפיטאל, אויב ער האָט דעמ באגריפ קאפיטאל געבראכט אינ אײַנקלאנג מיט די געשיכטלעכע פאקטנ, וואָס פונ זיי איז ער אינ דער לעצטער אינסטאנצ אבסטראהירט געוואָרנ, אונ וואָס זיי האָט ער צו פארדאנקענ זײַנ עקזיסטענצ; אויב מארקס האָט דערמיט באפרײַט אָט דעמ עקאָנאָמישנ באגריפ פונ אומקלאָרע אונ וואקלדיקע פאָרשטעלונגענ, וואָס האָבנ זיכ אָנגעזאמלט (anhafteten) ארומ אימ אויכ אינ דער קלאסישער בירגערלעכער עקאָנאָמיע אונ בא די ביזאהעריקע סאָציאליסטנ, הייסט עס, אז גראָד מארקס האָט אָנגעווענדט יענע „לעצטע אונ שטרענגסטע וויסנ-שאפטלעכקײַט", וואָס איז קעסיידער באמ הער דיורינג אינ מויל אונ וואָס איז בא אימ אזוי קלאָגעדיק ניט צו טרעפנ (Wir bei ihm so schmerzlich vermissen)

Friedrich Engels. Herrn Eugen Dührings Umwälzung
der Wissenschaft, Berlin 1928, 222—223.

---

1) אײַער אטעיזמ איז, הייסט עס, רעליגיע.

# לאָגישע קאַטעגאָריעס דרינגענ אַרויס פונ אונדזערע פאַרהעלטענישנ

פונקט ווי געאָלאָגנ, אַפילע די בעסטע, ווי קיוויע, אַשטייגער, טײַטשנ אויס געוויסע facts[1] אײַנגאַנצנ קאַפּויר, אַזוי איז אויכ די פילאָלאָגנ פונ אַזאַ force[2], ווי גרימ, זעצנ איבער ניט ריכטיק די סאַמע אײנפאַכע לאַטײַנישע פּראָזעס, ווײַל זיי געפינענ זיכ אונטער דער ווירקונג פונ מעזוערנ א. אַז. וו. (וואָס איז אַנטציקט, געדענקט זיכ מיר, דערפונ, וואָס בא די גערמאַנער האָט קיינמאָל ניט עקזיסטירט קיינ „פרײַהײַט“, דערפאַר אָבער מאַכט די לופט פאַר א „לײַבייגענעמ“). אַשטייגער, דאָס באַוווּסטע אָרט בא טאַציטנ: „arva per annos mutant et superest ager“, וואָס באַטײַט: זיי בײַטנ (לויט א גוירל, און דערפונ איז sortes אינ אַלע שפּעטערדיקע זאַמלונגענ פונ Leges Barbarum[3]) די פעלדער (arva), און עס בלײַבט נאָכ כוצ דעמ געמיינדישע ערד (ager אינ קעגנזאַצ צו arva, אַלס ager publicus) זעצנ איבער גרימ etc: זיי באַאַרבעטנ יעדעס יאָר נײַע פעלדער, און דאָכ בלײַבט נאָכ (אומבאַאַרבעטע) ערד!

פונקט אַזוי דאַרפ דערווײַזנ די שטעל „Coluntdiscretiac diversi“[4], אַז די גערמאַנער האָבנ פונ אײביק אָנ געבאַלעבאַטעוועט אַפ כוטערס אָט ווי די וועסטפאַלישע יונקערס. און דאָס איז דאַנ, ווענ אַפ דעמ זעלביקנ אָרט ווערט ווײַטער געזאָגט: „Vicos locant non in nostrum morem connexi set cohaerentibus aedtificiis suum quisque locum spatio circumdat“[5], און נאָכ אַדײַעמ עקזיסטירנ ערגעצ־ווו אינ דענעמאַרק אַזוינע מינע אורדערפער אינ דער באַשריבענער פאָרמ. סקאַנדינאַוויענ וואָלט, נאַטירלעכ, באַדאַרפט באַקומענ פונקט אַזאַ באַטײַט פאַר דער גערמאַנישער יוריספּרודענצ און עקאָנאָמיע, ווי פאַר דער גערמאַנישער מיטאָלאָגיע. און בלויז דערפונ אַרויסגייענדיק, וואָלטנ מיר זיכ געקענט פאַנאַנדערקלײַבנ אינ אונדזער פאַרגאַנגענהײַט. אַגעוו, גרימ גופע און אַנדערע געפינענ בא צעזאַרנ, אַז די גערמאַנער פלעגנ זיכ אַלעמאָל באַזעצנ לויט שטאַמ־געמיינדעס, און ניט אײנציקווײַז „gentibus cognationibusque, qui uno coierent“[6].

וואָס וואָלט אָבער געזאָגט העגעל old[7], ווענ ער וואָלט זיכ אַפ יענער וועלט דערוווּסט, אַז „אַלגעמיינע“ באַטײַט בא די גערמאַנער און בא די צאָפנדיקע ניט עפּעס אַנדערש, ווי געמיינדישע ערד (Gemeinland), און דאָס „באַזונדערע“

1) פאַקטנ. 2) קאַליבער. 3) באַרבאַרישע „עמעסנ“. 4) זיי אַקערנ די ערד אײנציקווײַז און באַזונדער אײנער פונעמ אַנדערנ. 5) די דערפער אָרדענענ זיי אײַנ ניט ווי בא אונדז — מיט שכײנישע און צוגערוקטע אײנע צו דער אַנדערער געבײַדעס: יעדערער רינגלט אַרומ זײַנ ערד־כיילעק מיט א פרײַענ פּלאַצ. 6) לויט שטאַמענ און קרויווישע פאַרבאַנדנ, וואָס פלעגנ זיכ באַזעצנ צוזאַמענ. 7) דער אַלטער.

(Sundre ,Besondre) — ניט עפּעס אנדערש, ווי פּריוואט אייגנטום (Sondereigen)„, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דער דאָזיקער געמיינדישער ערד? די לאָגישע קאטעגאָריעס — אַן אָנשיקעניש — דרינגען דאָ דירעקט ארויס פון „אונדזערע פארהעלטענישן".

פון מארקס א בריוו צו ענגעלסן 25־טן מארט 1868.

К. Маркс и Ф. Энгельс· Сочинения т. XXIV, 34—35.

די דאמע פון דער עפּאָכע פון ציוויליזאציע, וואָס איז ארומגערינגלט מיט אויסערלעכע ארויסווייַזונגען פון אכטונג און וואָס איז ווירקלעך פרעמד צו יעטווידער ווירקלעכער ארבעט, פארנעמט אַן אומענדלעך נידעריקערע געזעלשאפטלעכע לאגע, איידער די שווערארבעטנדיקע פרוי פון דער בארבאריי־עפּאָכע, וואָס האָט זיך גערעכנט בײַ איר פאָלק פאר א ווירקלעכער דאמע (Frowa, Frau, lady=הארנטע), און וואָס אינדערעמעסן איז זי טאקע געווען אזא.

פרידריך ענגעלס. אופקום פון פאמיליע, פּריוואט־אייגנטום און מעלוכע.
2 קאפּיטל. פאמיליע.

דאָס וואָרט familia האָט צוערשט באצייכנט ניט דעם אידעאל פון א הײַנטצײַטיקן פיליסטער, וואָס באשטייט (דער אידעאל) פון סענטימענטאלקײַט און היימישער רײַסעניש; בײַ די רוימער באטײַט עס צוערשט אפילע ניט דאָס פּאָרפאָלק מיט זייערע קינדער, נאָר בלויז די איינע שקלאפן. דאָס וואָרט famulus באטײַט הויזשקלאף, און familia — דאָס זײַנען אלע שקלאפן אינאיינעם, וואָס געהערן צו איין מענטשן. נאָך אין גײַס צײַטן פלעג די familia, id est patrimonium (פאמיליע, ד. ה. יערושע) איבערגעבן געוואָרן לויט א צאַוואָע. אָט דעם אויסדרוק האָבן די רוימער צוגעטראכט אף צו באצייכענען דעם נײַעם געזעלשאפטלעכן אָרגאניזם, ווו דער הויפּט איז געווען באלעבאָס אף ווײַב און קינדער און אף א געוויסער צאָל שקלאפן, פארמאָגנדיק בענעגייע צו זיי, לויט דער רוימישער פאָטערלעכער מאכט, דאָס רעכט פון לעבן און טויט.

„דאָס וואָרט familia (פאמיליע) איז, אלזאָ, ניט עלטער פון דער אײַזנגעפּאנצערטער פאמיליע־סיסטעם פון די לײַטישע שוואָטים, וועלכע איז אופגעקומען נאָך דער אײַנפירונג פון ערדארבעט און פון געזעצלעכער שקלאפערײַ און נאָכדעם, ווי די ארישע איטאליער האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די גריכן". מארקס גיט נאָך צו: „די מאָדערנע פאמיליע פארמאָגט אין עמבריאָן ניט בלויז שקלאפערײַ (serwitus), נאָר אויך לײַבאייגנשאפט, ווײַל פון סאמע אָן שטעלט זי אויס אף ערדארבעט. זי פארמאָגט אין זיך אין מיניאטיור אלע ווידערשפּרוכן, וואָס אנטוויקלט זיך שפּעטער ברייט אין דער געזעלשאפט און אין איר מעלוכע".

דאַרטן, 57.

דאָס לאטײַנישע וואָרט gens, וואָס מאָרגאן געברויכט עס אומעטום אף צו באצייכענען דעם דאָזיקן שטאמפארבאנד, קומט ארויס, גלײַך ווי דאָס גריכישע גלײַכבאטײַטיקע genos, פונעם אלגעמיין־ארישן וואָרצל gan (אף דײַטש kan, ווײַל לויטן אלגעמיינעם קלאל דארף מען שטעלן k אָנשטאָט דעם ארישן g), וואָס באטײַט פּראָדוצירן, ארויסברענגען. שטאם, genos,—סאנסקריטיש dschanas, גאָטיש — kyni

לויטנ אויבנאָנגעוויזענעמ קלאל), אלטגערמאניש און אנגלאָזאקסיש — kyn, ענגליש — kin, מיטל־הויכדײַטש — künne — אלע באטײַטנ זיי — „שטאמ”, „אָפשטאמונג”. דאָס לאטײַנישע gens, דאָס גריכישע genos ווערט אָבער ספעציעל געברויכט אפ צו באצייכענענ אזא שטאמ־פארבאנד, וואָס פרעטענדירט אפ א געמיינזאמער אָפשטאמונג (אינעמ געגעבענעמ פאל פונ איינ געמיינזאמענ שטאמפאָטער), און וואָס קריסטאליזירט זיכ אויס אדאנק געוויסע געזעלשאפטלעכע און רעליגיעזע אײַנריכטונגענ אינ א באזונדערער געמיינשאפט, דערבײַ איז די אָפשטאמונג און די נאטור פונ דער דאָזיקער געמיינדע פאָרט געבליבנ ניט קלאָר פאר אלע אונדזוערע היסטאָריקער.

דאָרטנ, קאפיטל „איראָקעזישער שטאמ”.

בא די איראָקעזנ זענענ מיר, אז דאָס פאָלק — די מענער און די ווײַבער — רינגלענ ארומ דעמ ראט, בייס ער זיצט, און אָנטיילנעמענדיק לויטנ אײַנגעשטעלט סיידער אינ דער באהאנדלונג, ווירקנ זיי, אזויארומ, אפ זײַנע באשלוסנ. בא די האָמערישע גריכנ, ווי אויכ בא די אורגערמאנער, האָט זיכ שוינ דער דאָזיקער „umstand” (שטיינ ארומ, — ברויכנדיק אנ אלט גערמאנישנ געריכט־אויסדרוק) אנטוויקלט אינ אנ עמעסער פאָלק־פארזאמלונג.

דאָרטנ, קאפיטל „גריכישער שטאמ”.

מארקס באמערקט: „די אייראָפייִשע געלערנטע, ס'ראָוו געבאָרענע מעשאָרסימ פונ די פירשטנ, מאכנ פונ באזילעוס א מאָנארכ אינ דעמ איצטיקנ זינענ... איבערזעצנ באזילעוס מיטנ דײַטשישנ וואָרט König (kuning) איז עטימאָלאָגיש פולשטענדיק ריכטיק, ווײַל דאָס וואָרט König שטאמט פונ kuni, künne און באטײַט — „עלטסטער פונ שטאמ”, אָבער צו דער הײַנטצײַטיקער באדײַטונג פונ וואָרט „קיניג” אנטשפרעכט קלאל ניט דער אלטגריכישער „באזילעוס”. פוקידיד רופט בעפיירעש אָנ די אלטע patrikê—basileia, ד. ה. פונעמ „שטאמ־ארויסקומענדיקע”, און זאָגט, אז זי האָט גענוי באשטימטע, אלזאָ באגרענעצטע פולמאכטנ... אריסטאָטעל זאָגט, אז די basileia פונ דער העלדנ־עפאָכע האָט פאָרגעשטעלט מיט זיכ א פירערשאפט איבער פרײַע מענטשנ, און דער באזילעוס איז געווענ דער קריגפירער, ריכטער און אויבער־פריסטער, אלזאָ, קיינ רעגירונג־מאכט אינעמ שפעטערדיקנ זינ פונעמ דאָזיקנ וואָרט האָט ער ניט געהאט.

דאָרטנ, קאפיטל „גריכישער שטאמ”.

דאָס לאטײַנישע rex איז גלײַכבאטײַטיק מיטנ קעלטיש־אירלענדישנ righ (שייוועט־עלטסטער) און מיטנ גאָטישנ reiks; דאָס דאָזיקע וואָרט האָט פונקט ווי צוערשט אויכ דאָס דײַטשישע Fürst (ד. ה. אזויווי דאָס ענגלישע first, דאָס דענישע — förste — דער ערשטער) באטײַט שטאמ־אָדער שייוועט־עלטסטער. דאָס איז צו זענ דערפונ, וואָס די גאָטנ האָבנ שוינ אינעמ 3־טנ יאָרהונדערט געהאט א ספעציעל וואָרט פארנ קיניג פונ דער שפעטערדיקער צײַט, אלס קריגפירער פונעמ גאנצנ פאָלק: thiudans. אינ אולפילעס ביבל־איבערזעצונג האָבנ ארטאקסערקס און הורדוס קיינמאָל ניט געהייסנ reiks, נאָר thiudans, און דאָס קיניגרײַכ פונעמ אימפעראטער טיבעריע ניט reiki, נאָר thiudinassus. די דאָזיקע ביידע באצייכענונגענ האָבנ זיכ צו־

זאמענגעגאָסנ אינעמ נאָמענ פונעמ גאָטישנ thiudans אָדער ווי מיר זעצנ איבער
ניט גענוי Thiudareiks, Theodorich, ד. ה. Dietrich.

דאָרטנ, קאפיטל „שטאמ אונ מעלוכע אינ רוימ".

די שפראכנ, וואָס זײַנענ צו אונדז דערגאנגענ, לאָזנ איבער א סאָפעק צי האָט
בא אלע גערמאנער עקזיסטירט א געמיינזאמער אויסדרוק פארנ וואָרט „שטאמ"
אונ וואָס פאר א וואָרט איז עס נעמלעכ געווענ. צו דעמ גריכישנ genos, דעמ
לאטײַנישנ gens אנטשפרעכט עטימאָלאָגיש דאָס גאָטישע kuni, דאָס מיטל־הויכדײַט־
שישע künne, וואָס מע געברויכט טאקע אינעמ זעלבנ זינענ. אפ די צײַטנ פונ
מוטער־רעכט ווײַזט אָנ דאָס, וואָס די באצייכענונג פונ פרוי שטאמט פונ איינ אונ
דעמ זעלביקנ וואָרצל: גריכיש gune, סלאוויש žena, גאָטיש qvino, אלטצאָפנדיק kona,
kuna. בא די לאנגאָבארדנ אונ בורגונדנ טרעפנ מיר, ווי שוינ דערמאנט, דאָס וואָרט
fara, וואָס גרימ ברענגט עס ארויס פונעמ היפאָטעטישנ וואָרצל fisan — באווײַזנ;
איכ וואָלט שוינ בעסער ארויסגעגאנגענ פונ דעמ מער באשײַמפערלעכנ אָפשטאמ
פונ faran — ארומפאָרנ, וואנדערנ, אלס באצייכענונג פונעמ טייל וואנדער־צוג, וואָס
נאטירלעכ באשטייט ער קימאט בלויז פונ קרויווימ, א באצייכענונג, וואָס איז בעהאַ־
דראגע אריבערגעטראָגנ געוואָרנ אפ דער פאמיליע־געמיינדע אינ מעשעכ פונ יאָר־
הונדערטיקע וואנדערונגענ צוערשט אפ מיזרעכ אונ דערנאָכ אפ מײַרעוו. ווײַטער, —
דאָס גאָטישע sjbja, דאָס ענגליש־זאקסישע sib, דאָס אלט־הויכדײַטשישע sippia,
sippa — קרויווימ, פארוואנדשאפט. אינ דער אלטצאָפנדיקער שפראכ טרעפט מענ
נאָכ די מערצאָל sifiar — קרויווימ; אינ איינצאָל קומט עס בלויז אלס נאָמענ פונ דער
געטינ — Sif. אונ אנ אנדער אויסדרוק טרעפט זיכ נאָכ, ענדלעכ, אינעמ הילדעבראנד־
ליד, נעמלעכ אינ דעמ אָרט, ווו הילדעבראנד פרעגט האדובראנדנ: „ווער איז
דײַנ פאָטער צווישנ די מענער פונעמ פאָלק... אָדער פונ וואָסער שטאמ ביסטו"?
(eddo huêlîhhes cnuosles du sîs).

אפ וויפל ס'האָט ביקלאל עקזיסטירט א געמיינזאמע גערמאנישע באצייכענונג
פארנ וואָרט „שטאמ", איז עס, ווײַזט אויס, געווענ דאָס גאָטישע kuni; וועגנ דעמ
רעדט ניט בלויז די אידענטישקײַט מיטנ אנטשפרעכיקנ אויסדרוק פונ די קרויו־
ווישע שפראכנ, נאָר אויכ דאָס, וואָס דערפונ שטאמט דאָס וואָרט kuning, קי־
ניג, וואָס צוערשט באצייכנט עס דעמ עלטסטנ פונ שטאמ אָדער שייוועט. Sibja
פארוואנדשאפט, קרויוועשאפט) קענ, ווײַזט אויס, ניט גענומענ ווערנ אינ באטראכט.
אלנפאלס באטײַט sifjar אפ דער אלטצאָפנדיקער שפראכ ניט בלויז בלוט־אייגענע, נאָר
אויכ מעכוטאָנימ, עס שליסט, הייסט עס, אײַנ מיטגלידער וויניקסטנס פונ צוויי
שטאמענ; sif האָט אזויארומ ניט געקענט דינענ אלס אויסדרוק פאר דעמ באג־
ריפ שטאמ.

דאָרטנ, קאפיטל „שטאמ בא די קעלטנ אונ גערמאנער".

... די ווערטער: „ווערט" (Wert) אָדער ווערדע (Würde) פלעג מענ צוערשט
אָנווענדנ גופע צו די נוצלעכע זאכנ, וואָס האָבנ עקזיסטירט אלס פראָדוקטנ פונ ארבעט
נאָכ א לאנגער צײַט פאר דעמ, ווי זיי זײַנענ געוואָרנ סכוירעס. מיט דער וויסנ־
שאפטלעכער דעפיניציע פונ דער סכוירע־„ווערט" האָט עס אָבער אזוי ווייניק געמיינ־

זאמס, ווי יענער פאַל, וואָס דאָס וואָרט **זאַלץ** פלעג בא די אַלטע פעלקער אָנגעווענדט ווערן צוערשט פאַר קאָכזאַלץ און דערנאָך, פון פּליניס צײַטן אָן, פלעגן דערנאָך **צוקער** און אַנדערע ענלעכע קערפּער פיגורירן אַלס **זאַלצמינים** [indeed[1] אַלע אָנקאָליריקע האַרטע קערפּער, וואָס צעגייען אין וואַסער, וואָס פאַרמאָגן אַ ספּעציפישן טאַם], **באַטײַט** ניט, אַז די כימישע קאַטעגאָריע „זאַלץ" שליסט אײַן אין זיך צוקער א. ד. גל.

[אַזויווי סכוירע ווערט געקויפט דורכן קויפער ניט דערפאַר, ווײַל זי האָט אַ ווערט, נאָר ווײַל זי איז אַ „געברויכווערט" און ווערט געברויכט פאַר באַשטימטע צילן, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך: 1) אַז די געברויכווערטן ווערן „אָפּגעשאַצט", ס'ווערט, הייסט עס, אויסגעפאָרשט זייער **קוואַליטעט** (ווי די **קוואַנטיטעט** זייערע ווערט געמאָסטן, געווויגן א. אז. וו.; 2) אַז ווען ס'זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע סאָרטן סכוירעס, וואָס קאָנען פאַרבײַטן איינע די אַנדערע פאַר די זעלביקע געברויכצילן, באַקומט דער אָדער יענער סאָרט סכוירע אַ פאָרצוג א. ד. גל.].

אין דער גאָטישער שפּראַך איז פאַראַן בלויז איין וואָרט פאַר **ווערט** (Wert) און ווערדע (Würde) — דאָס וואָרט vairths, τιμή, τιμαω, schätzen, ס'הייסט **אָפּשאַצן**, באַשטימען דעם **פּרײַז** אָדער די **ווערט**, **טאַקסירן**; אין מעטאַפאָרישן זינען: אַכטן, שעצן, ערן, אַרויסטיילן. — τιμή אָפּשאַצונג; דערפון: די דעפיניציע פון ווערט אָדער פון פּרײַז, **אָפּשאַצונג**, **טאַקסירונג**. ווײַטער: **דאָס אָפּשאַצן די ווערט**, ווי אויך **די ווערט** **גופא** אָדער **די פּרײַז** (בא העראָדאָטן, פּלאַטאָנען), בא דעמאָסטענעסן αι τιμαι אין זינען פון **קאָסטן**. ווײַטער: **הויכע אָפּשאַצונג**, ערע, אַכטונג, בעקאָוועדיק אָרט, בעקאָוועדיקע שטעלע. זע, **ראָסטס גריכיש־דײַטשישער ווערטערבוך**].

[ווערט, פּרײַז (לויט שולצס ווערטערבוך) איז אין דער גאָטישער שפּראַך: vairths דער אַדיעקטיוו ἀξιος, ἱκανός. אין דער **אַלטער צאָפן־דײַטשישער שפּראַך**: verdhr, ווירדיקער; verdh **ווערט**, **פּרײַז**; אין דער ענגליש־זאַקסישער שפּראַך: vurdh, veordh; אין דער ענגלישער שפּראַך: worth אַדיעקטיוו; אַלס סובסטאַנטיוו באַטײַט עס **ווערט** און **ווערדע**].

[אין דער מיטלדײַטשישער שפּראַך: wert, געניטיוו — werdes, אַדיעקטיוו (dignus), ווי אויך pfennigwert; wert, געניטיוו — werdes, ווערט, ווערדע, פּראַכט, aestimatio, **סכוירע פון אַ געוויסער ווערט**, אַשטייגער: werde: pfenwert, pennyworth; ווערטפולע אייגנשאַפט — mertum, aestimatio, dignitas (Zieman. Mittelhochdeutsches Wörterbuch).

ווערט (Wert) און ווערדע (Würde) זײַנען אַזויאַרום ענג געבונדן צווישן זיך סײַ לויט דער עטימאָלאָגישער אָפּשטאַמונג, סײַ לויטן זינען נאָך. דער דאָזיקער אומשטאַנד ווערט פאַרטונקלט דערפאַר, ווײַל אין דער נײַער דײַטשישער שפּראַך איז געוואָרן אַ געוויינלעכע זאַך דאָס **ניטאָרגאַנישע** (פאַלשע) אויסבילדן **פלעקסיעס** פונעם וואָרט Wert (ווערט): Wert, Wertes אַנשטאָט Werdes, ווײַל דעם גאָטישן th אַנטשפּרעכט דער אייבערדײַטשישער d און ניט t=th, און דאָס אייגענע איז צו אַכטגעבן, אין מיטלדײַטש (Wert געניטיוו Werdes). לויט די קלאָלים פון

1) פּאַקטיש.

מיטלהויכדײַטש וואָלט צום סאָף וואָרט d באַדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין t, ס'הייסט Wert אָנשטאָט Werd, געניטיוו איז אָבער Werdes].

[דאָס אַלץ האָט אָבער אַזוי וויניק געמיינזאַמס מיט דער עקאָנאָמישער קאַטעגאָריע „ווערט" ווי מיט דעם כימישן ווערט (Wert) [1] פון די כימישע עלעמענטן (אַטאָמיסטיק) אָדער מיט די כימישע עקוויוואַלענטן (די וואָג צווישן פאַרהעלטענישן בײַ די פאַרייניקונגען פון כימישע עלעמענטן].

ווײַטער דאַרף מען באַמערקן, — אַפילו פונעם שטאַנדפּונקט פון די דאָזיקע וואָרט-פאַרהעלטענישן, — אַז אויב פון דער אָנפאַנגלעכער אידענטישקײַט פון ווערדע (Würde) און ווערט (Wert) פלעגט פון זיך אַליין אַרויסדרינגען, ווי פון דער נאַטור פון די זאַכן, דאָס אָנווענדן אָט דאָס וואָרט צו געגנשטאַנדן, צו פּראָדוקטן פון אַרבעט אין זייער נאַטוראַלער פאָרמע, איז דאָס וואָרט אומגעענדערטערהייט אַריבערגעטראָגן געוואָרן דירעקט אויף פּרײַזן, ס'הייסט אויף ווערט אין איר אַנטוויקלטער פאָרם, ס'הייסט אויפן טוישווערט. און דאָס דרינגט פונקט אַזוי וויניק אַרויס פון די זאַכן גופא, ווי יענער אומשטאַנד, וואָס דאָס זעלבע וואָרט פלעגט ווײַטער געברויכט ווערן פאַר ווערדע (Würde) בײַקלאַל, פאַר אַ בעקאָוועדיקער שטעלע א. אז. וו. פון וואָרטלעכן שטאַנדפּונקט איז דאָ ניטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן געברויכווערט און ווערט [2].

Архив К. Маркса и Ф. Энгельса, кн. V, М. Л. 1930, 397—398.
פון מארקס באמערקונגען צו וואגנערס"
„Allgemeine oder theoretische Volkswirtschaftlehre (1879)".

(מאַרקס אַנאַליזירט דאָ דעם אונטערשייד צווישן ווערט און טוישווערט, אויפווײַזנדיק די פּאַטערלענדיש-דײַטשישע פּראָפעסאָרישע „שטרעבונג צונויפצוגיסן געברויך-ווערט מיט ווערט").

בעליס „Verbal observer" א. ד. גל. באַמערקן, אַז די ווערטער „value, valeur" דריקן אויס די אייגנשאַפט פון זאַכן. צוערשט דינען זיי ווירקלעך אויפן אויסצודריקן די געברויכווערט פון זאַכן פאַר די מענטשן, די אייגנשאַפטן זייערע, וואָס מאַכן זיי פאַר נוצלעכע און אײַנגענעמענע פאַר די מענטשן א. אז. וו. value, valeur — ווערט — קענען לויטן טאָך ניט האָבן עטימאָלאָגיש קיין אַנדער אָפּשטאַמונג. די געברויכווערט דריקט אויס די נאַטירלעכע באַציִונג צווישן די זאַכן און די מענטשן, דאָס זײַן פון די זאַכן צוליב די מענטשן. טוישווערט איז דער באַטײַט, וואָס דאָס וואָרט ווערט = געברויכווערט האָט שוין באַקומען דערנאָך אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וואָס האָט די טוישווערט געשאַפן. די טוישווערט איז דאָס געזעלשאַפטלעכע זײַן פון דער זאַך.

דאָס סאַנסקריטישע וואָרט Wer באַטײַט צודעקן, שיצן, דערפון אַכטן, ערן און ליבהאָבן, שעצן, דערפון איז אַרויסגעבראַכט דער אַדיעקטיוו wertas אויסגעצייכנטער, הויכגעשעצטער; דאָס גאָטישע וואָרט wairths; איינדיש — wert; אַנגלאָ-זאַקסיש — wearth, vordh, wurth; ענגליש — worthy; האָלענדיש — waard, waardig; דײַטש — wert, ליטוויש — werthas, הויכגעשעצטער, קאָסט-

1) ס'הייסט וואַלענטישקײַט.
2) מיט די גראָדע קלאַמערן אין טעקסט באַצייכנט מאַרקס באַמערקונגען, וואָס ער שליסט אײַן אין אַ פרעמד-ציטירטן טעקסט.

בארער, טײַערער; אפ דער סאנסקריטישער שפּראכ wertis, לאטײַניש — virtus; גאָטיש — wairthi, — גערמאניש — Wert.

די ווערט פונ דער זאכ איז אינ דער ווירקלעכקײַט איר אײגענע virtus, דאנ ווענ איר טוישווערט הענגט קלאל ניט אָפּ פונ אירע שטאָפלעכע אײגנשאפטנ.

אפ סאנסקריטיש wal צודעקנ, באפעסטיקנ; אפ לאטײַניש valeo, vallo — איכ בינ געזונט; vallus — שטיצפּונקט, באפעסטיקונג; valor איז עס די קראפט גופע, דערפונ איז אפ פראנצויזיש valeur, אפ ענגליש value. פארג. מיט דאָס wal דײַטשישע: walle, walte, דאָס ענגלישע wale, wield.

К. Маркс. Теории прибавочной стоимости, т. III, ч. III, 1932, 230.

[אז דאָס אויסטײלנ (דאָס אָנווײַזנ) אלס „גאָבנ" די זאכנ פונ דער אויסערלעכער וועלט, וואָס זײַנענ מיטלענ אפ צו באפרידיקנ די מענטשלעכע באדערפענישנ, קענ אָנגערופנ ווערנ אויכ „צוגעבנ אָט די זאכנ א ווערט"—דאָס האָט וואגנער געקענט דערווײַזנ ניט בלויז, ווי ראו, אפנ גרונט פונעמ „דײַטשישנ וואָרטגעברויכ", נאָר אויכ מיט דער הילפ פונ דעמ לאטיניזירטנ וואָרט dignitas—ווערט, ווערדע, ראנג א. ד. גל., וואָס צוגעלײגט צו די זאכנ, באטײַט עס אויכ „ווערט". dignitas שטאמט אָפּ פונ dignus, אונ דאָס לעצטע וואָרט פונ dic — show, point out, — ארויסטײלנ, באווײַזנ; dignus — באטײַט, אזויארום, pointed out. דערפונ אויכ digitus — דער פינגער, וואָס מע ווײַזט ערמיט אפ דער זאכ; גריכיש δακτολος, δεικυόω (פינגער); אפ דער גאָטישער שפּראכ ga-tecta (dico) אפ דײַטש — zeigen (באווײַזנ); אונ מיר קענענ קומענ צו ווײַטערדיקע „אויספירונגענ", ווענ מע זאָל נעמענ אינ אכט, אז δείκνομι (אָדער δεικω) (מאכנ אָנזיכטיק, ארויסבאווײַזנ, אָנווײַזנ) האָט א געמײנזאמענ וואָרצל δεκώ (אײַנהאלטנ, נעמענ) מיט δεχομαι.

Архив К. Маркса и Ф. Энгельса, кн. V, 1930, 392.

בא די אלטע גערמאנער פלעגנ די גרײס פונ א מאָרגענ ערד באַרעכנט ווערנ לויט דער ארבעט פונ אײנ טאָג, — דעריבער פלעג דער מאָרגענ הײסנ Tagwerk (טאָגווערק, ארבעט פונ א טאָג) (אויכ Tagwanne), (jurnale אָדער jurnalis, terra jurnalis, jurnalis אָדער diornalis), Mannwerk, Mannskraft, Mansmahd, Manshauet. זע: Georg Ludwig von Maurer: „Einleitung zur Geschichte der Mark-Hof usw. Verfassung", München, 1851, 129.

K. Marx. Kapital I, Moskau, 1932, 77.

ס'איז כאראקטעריסטיש, וואָס ביזנ 18־טנ יאָרהונדערט האָבנ באזונדערע מעלאָכעס געהײסנ mysteries (געהײמנישנ, mystéres), וואָס אינ זײער טונקלקײַט (Dunkel) האָט געקענט ארײַנדרינגענ בלויז אנ עמפּיריש אונ פּראָפעסיאָנעל געהײליקטער (Eingeweihte). די גרויסע אינדוסטריע צערײַסט דעמ שלײער, וואָס פארבאָרגט פאר די מענטשנ זײער אײגענעמ געזעלשאפטלעכנ פּראָדוציר־פּראָצעס.

K. Marx, Kapital I, Moscau 1932, 511.

(דרײַצנטער קאפּיטל—„מאשינעריע אונ גרויס־אינדוסטריע").

...אין די ציטירטע דאָקומענטן האָט מיך שטאַרק פאַרינטערעסירט, וואָס דאָס וואָרט capitalia, catalla, ס'הייסט קאַפּיטאַל, באַווייַזט זיך באַנאַנד מיטן אופקום פון די קאָמונעס...

מאַרקס אין אַ בריוו צו ענגעלסן 27/7—1854.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочин. т. XXII, 48—49.

קאַפּיטאַל, capitale, די איבערזעצונג פונעם וואָרט κεφάλαιον האָט באַטייַט די פאָ־דערונג פון אַ געלט־סומע צום אונטערשיידן פון פּראָצענטן τόκος. אין מיטלאַל־טער האָבן קאַפּיטאַלן באַטייַט עפּעס Caputpecuniae גרונטיקס, וועזנטלעכס, אָנפאַנגלעכס. אין דייַטשלאַנד האָט מען געברויכט דאָס וואָרט Hauptgeld (ז. 37.)

Архив К. Маркса и Ф. Энгельса, кн. V, М.-Л. 1930, 382.

Σώζειν (retten) ראַטעווען איז איינער פון די כאַראַקטעריסטישסטע אויסדרוקן פון די גריכן אַפּ אָנזאַמלען אוצרעס (Schatzbilden). פּונקט אַזוי באַטייַט "to save"[1] גלייַכצייַטיק ראַטעווען און שפּאָרן.

K. Marx. Das Kapital I. Moscau. 1932, 161.

דער אויסדרוק „בירגערלעכע געזעלשאַפט" איז אופגעקומען אינעם 18־טן יאָר־הונדערט, ווען די אייגנטום־פאַרהעלטענישן האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעפּיקט פון דער אַנטיקישער און מיטלאַלטערלעכער געזעלשאַפטלעכקייַט.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Немецкая идеология. Соч. т. IV, 1933, 27.

דער אויסדרוק „labouring poor" („אַרבעטנדיקע קאַפּצאָנים") טרעפט זיך אין דער ענגלישער געזעצגעבונג פון יענעם מאָמענט אָן, זינט דער קלאַס לוינאַרבעטער באַקומט אַ קאָנטיקן פאַרנעם. די „אַרבעטנדיקע קאַפּצאָנים" ווערן דאָ קעגנגעשטעלט, פון איין זייַט, צו „idle poor" („פוילע קאַפּצאָנים"), בעטלערס אַ. ד. גל. און פון דער אַנדערער זייַט ווערן זיי קעגנגעשטעלט צו יענע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך נאָך ניט אײַנגאַנצן באַפרייַט פון אייגנטום און פאַרמאָגן נאָך די מיטלען פון זייער אַרבעט. פון דער געזעצגעבונג איז דער אויסדרוק „labouring poor" אַריבער אין דער פּאָלי־טישער עקאָנאָמיע, ווו ער ווערט געברויכט אָנגעהויבן פון Culooper, J. Child אַ. אַז. וו. ביז אַ. סמיטן און Eden. מע קען שוין לויט דעם אורטיילן וועגן דער געוויסנהאַפ־טיקייַט פון עדמונד בערקן, פון אָט דעם „מאַרק־הענדלערס" execrable political cantmonger (שרעקלעכע פּאָליטישע אויסדרייעניש), ווען ער רופט אָן דעם אויסדרוק" „labouring poor", „execrable political cant" („שרעקלעכסטע פּאָליטישע פאַרקריפּלונג")

К. Маркс, Капитал I, 610 (8־טע אופל.)

דער פּאָלקאָווניק טאָרענס אַנטדעקט דעם אָנהייב פונעם קאַפּיטאַל — אינעם שטיין פון דעם ווילדן. „אינעם ערשטן שטיין, וואָס דער ווילדער וואַרפט אין דער חיה, וואָס ער פאַרפאָלגט, אינעם ערשטן שטעקן, וואָס ער נעמט, קעדיי צוצוציען די פּרוכטן, וועלכע ער קען ניט דערלאַנגען מיט די הענט, — זעען מיר די אָנייגענונג פון איין זאַך מיטן ציל צו דערווערבן אַ צווייטע זאַך, און אַזוי אַרום אַנטדעקן מיר דעם אָנהייב פונעם קאַפּיטאַל". (R. Torrens. An Essay on the Production of Wealht, etc. Edinburgh 1836, p. 70—71). מע דאַרף האַלטן, אַז מיט אָט דעם ערשטן שטעקן

[1] אין ענגליש.

(Stock) איז צו דערקלערנ אויכ דאָס, פאַרוואָס אינ דער ענגלישער שפּראַכ איז stock דער סינאָנים פונ קאַפּיטאַל.

К. Маркс. Капитал 1, 225. (8־טע אופלאגע)

„דאָס גרויסע בייז פונ דער פאַבריק־סיסטעמ, ווי זי איז איצט אָרגאַניזירט, — ווערט געזאָגט אינעמ ערשטנ באַריכט פונעמ צענטראַלנ ראַט פינ דער קאָמיסיע, דאַטירט דעמ 25־טנ יונ, 1833, — דאָס גרויסע בייז באַשטייט אינ דעמ, וואָס זי שאַפט די נויטווענדיקײַט צו פאַרלענגערנ די קינדערשע אַרבעט ביזנ העכסטנ דויער פונעמ אַרבעטסטאָג פאַר דערוואַקסענע. אַלס דאָס איינציקע מיטל קעגנ אָט דעמ בייז אַפ ניט אָנצוקומענ צומ באַגרענעצנ די אַרבעט פונ די דערוואַקסענע, וואָס דאָס וואָלט געבראַכט צו נאָכ א גרעסערנ בייז, איידער דאָס בייז, וואָס מע האָט באַדאַרפט צו באַזײַטיקנ, אַלס דאָס איינציקע מיטל זעט אויס דער פּלאַנ „אײַנצופירנ טאָפּעלע וואַכטנס פונ קינדער". איז טאַקע דער דאָזיקער „פּלאַנ" פאַרווירקלעכט געוואָרנ אונטערנ נאָמענ Relaissystem („System of Relays") ; אַפ ענגליש, ווי אַפ פראַנצויזיש, באַטײַט Relay דעמ בײַט פונ פּאָסטש־פערד אַפ פאַרשיידענע סטאַנציעס.

К. Маркс, Капитал I, 203 (8־טע אופל.)

ס'איז ניטאָ קיינ מער כאַראַקטערישעס אינ דעמ הינזיכט, ווי דאָס באַצייכענענ מיט די ווערטער „fulltimers" („גאַנצער אַרבעטער") די אַרבעטער, וואָס אַרבעטנ די פולע צײַט, אונ „halftimers" („האַלב־אַרבעטער") — די קינדער ביז 13־יאָריקנ עלטער, וועלכע ס'איז דערלויבט צו אַרבעטנ נאָר 6 שעה. דער אַרבעטער איז דאָ ניט עפּעס אַנדערש, ווי די פּערזאָניפיצירטע אַרבעט־צײַט. אַלע אינדיווידועלע פאַרשיידנ, קײַטנ ווערנ רעדוצירט צו די פאַרשיידנקײַטנ צווישנ „Vollzeiter" אונ „Halbzeiter", „אַרבעטער" אונ „האַלב־אַרבעטער".

Ф. Энгельс. Диалектика природы. Соч. т. XIV, 172.

דער זייגער אונ די מיל (פריער די קערנער־מיל, ספּעציעל די וואַסערמיל), זײַנענ געווענ די צוויי מאַטעריעלע יעסוידעס, וואָס אַפ זיי האָט זיכ אינעווייניק אינ דער מאַנופאַקטור געבויט די צוגרייט־אַרבעט צו דער מאַשינ־אינדוסטריע. אונ אָט די ביידע מעכאַניזמענ זײַנענ איבערגענומענ פונעמ אַלטערטומ (די וואַסערמיל איז פאַרטראָגנ געוואָרנ פונ קליינ־אַזיע קיינ רוימ אינ דער צײַט פונ יולי צעזאַר).

...וואָס שײַעכ... צו דער מיל איז פונ סאַמע אָנהייב, ס'הייסט זינט ס'איז געשאַפנ די וואַסערמיל, זײַנענ אינ איר געווענ אַלע פאַרשיידענע וועזנטלעכע באַשטאַנדטיילנ פונעמ מאַשינ־אָרגאַניזמ...

איבער דער מיל איז דורכגעמאַכט געוואָרנ די גאַנצע לערע וועגנ רײַבונג אונ אַלע, הייסט עס, אויספאָרשונגענ וועגנ די מאַטעמאַטישע פאָרמעס פונ דער סיסטעמ פונ צאָנ־איבערגעבונג, פונ ראָדצײַנער etc...

אָנגעהויבנ פונ דער מיט 17־טנ יאָרהונדערט גייענ קימאַט אַלע גרויסע מאַטעמאַטיקער אַרויס פונ אַנ איינפאַכער קערנערישער וואַסערמיל, אַפ וויפל זיי פאַרנעמענ זיכ מיט פּראַקטישער מעכאַניק אונ פּרוווּנ זיכ טעאָרעטיזירנ זי. דערפאַר איז אויכ דער נאָמענ: „מיל", mill[1]), וואָס איז אופגעקומענ אינ דער מאַנופאַקטור־

[1]) מיל.

עפּאָכע און ווערט אָנגעווענדט צו יעדנ מעכאַניזמ. וואָס ווערט געבּרויכט צוליב פּראַקטישע צילנ.

פונ מאַרקס בריוו צו ענגעלסנ 28 יאַנוואַר 1863 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIII ,V 131—32.

די גאָרע אַנטוויקלונג־געשיכטע פונ דער מאַשינעריע לאָזט זיכ נאָכשפּירנ (verfol-lgen) לויט דער געשיכטע פונ די טוווע־מילנ. אינ ענגליש הייסט פ א ב ר י ק פונ קעסיידער אָנ mill (מיל). אינ דײַטשישע טעכנאָלאָגישע שריפטנ פונעמ ערשטנ יאָר־צענדליק פונעמ 19־טנ יאָרהונדערט טרעפט מענ נאָכ דעמ אויסדרוק Mühle ניט בלויז פאַר יעטווידער מאַשינעריע, וואָס ווערט געטריבנ פונ נאַטורקרעפטנ, נאָר אפילע פאַר אַלע מאַנופאַקטורנ, וואָס ווענדנ אָנ מאַשינאַרטיקע אַפּאַראַטנ.

K. Marx. Das Kapital I B., Moscau 1932, 365.

דעמ עטימאָלאָגישנ צוזאַמענהאַנג צווישנ נעמענ פונ די איידעלע מעטאַלנ אינ די פאַרשיידענע אינדאָגערמאַנישע שפּראַכנ מיט די קאָלירנ־פאַרהעלטענישנ האָט דערוויזנ יאַקאָב גרימ (זע זײַנ געשיכטע פונ דער דײַטשישער שפּראַכ).

K. Marx. Zur Kritik der politischen Ökonomie, Berlin 1924, 158.

אינ דער אָרגאַנישער כימיע איז דער באַטײַט פונ א קערפּער און אַלזאָ אויכ זײַנ נאָמענ ניט אַזוי באַדינגט פונ זײַנ באַשטאַנד, ווי גיכער שוינ פונ זײַנ אָרט אינ דער ריי, צו וועלכער ער געהערט. איז אויב מיר געפינענ, אַז א קערפּער געהער צו אַזא און אַזא ריי, דאַנ שטערט שוינ זײַנ אַלטער נאָמענ צו פאַרשטיינ און ער מוז פאַר־ביטנ ווערנ אפ א ר יי נ אָ מ ע נ (פ א ר א פ י נ א. אַז. וו.)...

Friedrich Engels· Naturdialektik (198 .ארכיוו־באַנד ז Ii).

דאָס וואָרט אַרבעט, ווי די פאָרשטעלונג דערפונ, קומט פונ די ענגלישע אינ־זשעניערנ. אינ ענגליש אָבער הייסט די פּראַקטישע אַרבעט work, און די אַרבעט אינ עקאָנאָמישנ זינענ labour. דעריבער ווערט אויכ די פיזישע אַרבעט באַצייכנט מיטנ וואָרט work, און ס'איז אויסגעשלאָסנ יעטווידע פאַרמישונג מיט אַרבעט אינ עקאָנאָמישנ זינענ. אינ דײַטש איז עס ניט אַזוי, און דעריבער זײַנענ אינ דער נײַסטער פּסעוודאָווויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור מעגלעכ געווענ פאַרשיידענע מאָדנע אָנווענדונגענ פונ אַרבעט אינ פיזישנ זינענ צו עקאָנאָמישע אַרבעט־פאַרהעלטענישנ און פאַרקערט. מיר האָבנ אויכ דאָס וואָרט Werk, וואָס פּאַסט אויס־געצייכנט פּונקט ווי דאָס ענגלישע וואָרט work אפ צו באַצייכענענ פיזישע אַרבעט. אַזויווי אָבער די עקאָנאָמיע ליגט צו ווײַט פונ אונדזערע נאַטורפאָרשער, וועט זיי זײַנ שווערלעכ צו באַשליסנ זיכ אַרײַנצופירנ עס אָנשטאָט דעמ שוינ אײַנגעבירגערטנ וואָרט „Arbeit“ סײַדנ דאַנ, ווענ עס וועט שוינ זײַנ צו שפּעט. נאָכ בא גלאַזיוסנ ווערט געמאַכט דער פּרווו צו לאָזנ כאָטשבי לעבנ דעמ אויסדרוק „Arbeit“ אויכ דעמ אויסדרוק „Werk“.

Fr. Engels. Naturdialektik (274 .ארכיוו־באַנד II 1925 ז).

די ענגלישע שפּראַכ האָט די מַעלע, וואָס זי פאַרמאָגט צוויי פאַרשיידענע ווער־טער אפ צו באַצייכענענ צוויי פאַרשיידענע זײַטנ פונ אַרבעט. קוואַליטאַטיוו באַשטימ־

טע ארבעט, וואָס שאפט געברויכווערטן, הייסט work, אין קעגנזאץ צו
אין קעגנזאץ צו work באטײַט labour ארבעט, וואָס שאפט ווערט און ווערט גע-
מאָסטן בלויז קוואנטיטאטיוו.

ענגעלסעס א באמערקונג צו דער ענגלישער איבערזעצונג פון „קאפיטאל".

K. Marx. Kapital I, Berlin 1928.

דער טערמין „ענערגיע" דריקט אף קיין פאל ניט אויס ריכטיק די גאָרע דער-
שײַנונג פון באוועגונג, ווײַל ער שטרײַכט אונטער בלויז איין זײַט אירע — די וויר-
קונג, אָבער ניט די קעגנווירקונג. כוצדעם קען ער ארויסרופן דעם געדאנק, אז
„ענערגיע" איז עפּעס אזוינס, וואָס איז אויסערלעך פאר דער מאטעריע, צוגעגעבן צו
איר. ער פארדינט אָבער אלנפאלס דעם פאָרצוג לעגאבע דעם אויסדרוק „קראפט".

Ф. Энгельс. Диалектика природы. Соч. т. XlV, 402—3.

אין דער וויסנשאפט־שפּראך אין גאנץ אייראָפּע איז שוין לאנג ארײַן דאָס
וואָרט „פּראָצעס", וואָס באטײַט אנטוויקלונג, גענומען אין דער גאָרער פארבינדונג
פון אירע רעאלע באדינגונגען. צוערשט האָט מען אין פראנקרײַך ניט זיכער (shüch-
tern) אײַנגעפירט דאָס דאָזיקע וואָרט אין זײַן לאטײַנישער פאָרם — processus· שפּע-
טער האָט עס פון זיך אראָפּגעוואָרפן אָט דעם פּעדאנטישן שלייער און איז ארײַן אין
די ביכער אף כימיע, פילאָסאָפיע און ענלעכע אזוינע ביכער, ווי אויך אין איניקע
מעטאפיזישע ארבעטן. סאָפקאָלסאָפ האָט עס זיך אינגאנצן נאטוראליזירט. אין דער
געוויינלעכער שפּראך ברויכן דײַטשן ווי פראנצויזן דאָס וואָרט „פּראָצעס" אין
זײַן יורידישן באטײַט.

K. Marx. Das Kapital 1, Berlin, 1928, 134.

(פון דער באמערקונג צו „ארבעט־פּראָצעס", וואָס מארקס
מאכט אין דער פראנצויזישער אויסגאבע פון „קאפיטאל").

---

# צו אופקומ אונ אנטוויקלונג פונ שפראכ

... פּראָדוקציע סטאמ איז אנ אבסטראקציע, נאָר אנ אבסטראקציע, וואָס האָט א זינענ, אפ וויפל זי רוקט ווירקלעכ ארויס דאָס געמיינזאמע, פיקסירט עס אונ באפרײַט אונדז דערמיט פונ איבערכאזערונגענ. אָבער אָט דאָס אלגעמיינע אונ ענלעכע, וואָס איז אויסגעטיילט מיט דער הילפ פונ פארגלײַכונג, איז אליינ פילפאכ געגלידערט אונ האָט אינ זיכ פארשיידענע דעפיניציעס. אייניקע פונ זיי געהערנ צו אלע עפּאָכעס, אנדערע זײַנענ געמיינזאמ בלויז פאר אייניקע עפּאָכעס. איינע דעפיניציעס זײַנענ געמיינזאמע אי פאר דער הײַנטצײַטיקסטער עפּאָכע, אי פאר דער סאמע אלטער עפּאָכע. אָנ זיי איז פּראָדוקציע לאכלוטנ אומדענקבאר.

פונדעסטוועגנ איז כאָטש די אמערסטנ אנטוויקלטע שפראכנ שאפנ געמיינזאמע געזעצנ אונ דעפיניציעס מיט די אמווייניקסטנ אנטוויקלטע שפראכנ איז אָבער זייער אונטערשייד לעגאבע אָט דעמ אלגעמיינעמ אונ געמיינזאמענ גראָד דאָס, וואָס שאפט זייער אנטוויקלונג. די דעפיניציעס, וואָס גילטנ פאר דער פּראָדוקציע ביקלאל, דארפנ אויסגעטיילט ווערנ גראָד צוליב דעמ מע זאָל איבער דער איינהײַט, וועלכע איז באדינגט שוינ דורכ דעמ, וואָס ווי דער סוביעקט — די מענטשהײַט — אזוי אויכ דער אָביעקט — די נאטור — זײַנענ איינ אונ די זעלביקע, זאָל מענ ניט פארגעסנ די וועזנטלעכע אונטערשיידנ,

К. Маркс. К критике политической экономии.
Парт. издательство, 1932, 17.

אינ יעטווידער מאָדערנער אנטוויקלטער שפראכ האָט די סטיכיש אופגעקומענע רייד זיכ דערהויבנ ביז צו א נאציאָנאלער שפראכ טיילווײַז אדאנק דער היסטאָרישער אנטוויקלונג, וואָס די שפראכ האָט דורכגעמאכט פונעמ גרייטנ מאטעריאל, ווי אינ די ראָמאנישע אונ גערמאנישע שפראכנ, טיילווײַז אדאנק דער צונויפקרייצונג אונ צונויפמישונג פונ נאציעס, ווי אינ ענגליש, טיילווײַז אדאנק דער קאָנצענטראציע פונ דיאלעקטנ אינ אנ איינהײַטלעכער נאציאָנאלער שפראכ, וועלכע איז באדינגט פונ דער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער קאָנצענטראציע.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. IV, 1933.
Немецкая идеология („Св. Макс“), 414.

### פּ אָ ל י א ר י ז א צ י ע

נאָכ גרימ האָט זיכ פעסט געהאלטנ בא דער האנאָכע, אז א דײַטשישער דיאלעקט מוז זײַנ אָדער א הויכדײַטשישער אָדער א נידערדײַטשישער. דערבײַ גייט בא אימ אינגאנצנ פארלאָרנ דער פרענקישער דיאלעקט. אזויווי דאָס שריפטפרענקיש פונ דער שפּעטערדיקער קאראָלינגישער צײַט איז געוועזנ הויכדײַטש (בייס דער הויכדײַטשי-

שער קלאַנגענבייַט האָט פארכאפט דעמ פרענקישנ דאָרעמ־מיזרעכ) איז די פרענקישע שפראכ, לויט זייַנ פאָרשטעלונג, אונטערגעגאנגענ ווו אינ אלטהויכדייַטש, ווו אינ פראנצויזיש. דערבייַ איז געבליבנ אבסאָלוט אומדערקלערט, פונוואנענ האָט זיכ גענומענ דאָס נידערלענדישע אינ די אלטסאלישע ערטער. ערשט נאָכ גרימס טויט איז פרענקיש ווידער אויסגעפונענ געוואָרנ: דאָס סאלישע פארייִנגערט אלס נידערלענדיש, דאָס ריפּוארישע אינ די מיטל־אונ אייבער־רייַנישע דיִאלעקטנ, וואָס האָבנ זיכ אפ פארשיידענע שטופעס טיילווייַז איבערגערוקט צו הויכדייַטש אונ טיילווייַז געבליבנ נידערדייַטש, — אזוי אז פרענקיש איז א דיִאלעקט, וואָס איז אי הויכדייַטש, אי נידערדייַטש.

Friedrich Engels. Narurdialektik.
Архив К. Маркса и Ф. Энгельса т. II 1925.

... לויט זייַנ מיינונג, קומענ אומ אינ דייַטשלאנד די שטעט אויסער אייניקע „רייַנע האנדל־שטעט“, אונ „דאָס דאָרפ“ צעבליט זיכ פרעכטיק. וועגנ דעמ אינדוסטריעלנ אופשטייַג האָט ער קיינ איינ וואָרט ניט געזאָגט, נאָר ער האָט אויסגעדריקט א שטילנ טרויער וועגנ דעמ, וואָס אינ דייַטשלאנד טוט זיכ איצט קיינ זאכ ניט אויסער „improvements“ 1). די ענגלישע שפראכ איז „נעבעכדיק“, פולקומ ראָמאניזירט. אימ צו טרייסטנ האָב איכ דערופ געזאָגט, אז די האָלענדער אונ דענער זאָגנ דאָס זעלבע וועגנ דער דייַטשישער שפראכ אונ אז די „איסלענדער“ זייַנענ די איינציקע עכטע גערמאנער, וואָס זייַנענ ניט פארדאָרבנ געוואָרנ אפ קיינ „פרעמדווערטער“...

פ׳נ מארקס בריוו צו ענגעלסנ פונעמ 14־טנ דעקאבער 1855 י.
K. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. XXII, 106—107.

אינ 17־טנ י. ה. טרעפנ מיר נאָכ אָפט בא די ענגלישע שרייַבער „worth“ פאר געברויכווערט אונ „value“ פאר טוישווערט. ס׳איז אינגאנצנ אינ גייַסט פונ א שפראכ, וואָס האָט ליב קאָנקרעטע (unmittelbare) זאכנ גערמאניש אונ אבסטראקטע (reflektirte) ראָמאניש אויסצודריקנ.

K. Marx. Das Kapital 1, Moscau 1933.

די קעגנזייַטיקע פארהעלטעניש צווישנ שפראכנ אונ נאציִאָנאליטעטנ איז זייער אנ אייגנארטיקע. אינ פלענסבורג, ווו דער גאנצער פאָדערטייל, באזונדערס באמ האפנ, איז — לויט דענישע אָנגאבעס — א דענישער, האָבנ אלע קינדער, וואָס האָבנ זיכ מאסנווייַז געשפילט באמ האפנ, גערעדט אפ דעמ נידער־דייַטשישנ דיִאלעקט. פארקערט, צו צאָפנ פונ פלענסבורג איז די פאָלקשפראכ דעניש, ס׳הייסט דער נידערדענישער דיִאלעקט, וואָס איכ האָב פונ אימ קימאט קיינ אייכ וואָרט ניט פארשטאנענ. אינ זונדעוויט אינ גאָרקיכ האָבנ די פויערימ גערעדט פארשיידנ: דעניש, נידערדייַטש אונ דייַטש; סייַ דאָרטנ, סייַ אינ זאָנדערבורג, ווו כ׳האָב זיכ געווענדעט אפ דעניש, האָב איכ אלעמאָל געקראָגנ אנ ענטפער אפ דייַטש. צאָפנ־שלעזוויג איז אלנפאלס שטארק פארדייַטשט, אונ ס׳וואָלט געווענ זייער שווער ווידער צו מאכנ אימ דעניש, געוויס שווערער, איידער צו מאכנ אימ דייַטשיש. איכ וואָלט

---

נייַיִקייַטנ.

מערער געהאלטנ ער זאָל ווערנ א דענישער, ווײַל פונ העפלעכקײַט וועגנ וועט דערנאָכ סײַווי אויסקומענ עטוואָס אָפצוטרעטנ די סקאנדינאווער.

די לעצטע צײַט האָב איכ זיכ אביסל פארנומענ מיט פריזיש־ענגליש־יוטיש־סקאנדינאווישער פילאָלאָגיע אונ ארכעאָלאָגיע...

פונ ענגעלסעס א בריוו צו מארקסנ פונ 2־טנ נאָיאבער 1864 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. XXIII, 204—205.

... די היסטאָרישע אויספאָרשונגענ, וואָס כאפנ ארומ די פאָליטישע, ליטערארישע אונ לינגוויסטישע אנטוויקלונג פונ דער סלאווישער ראסע, האָבנ אינ עסטרײַכ געהאט אומגעהייערנ דערפאָלג. שאפאריק, קאפיטאר אונ מיקלאשעוויטש אלס לינגוויסטנ, פאלאצקי אלס היסטאָריקער האָבנ זיכ געשטעלט אינ דער שפיצ, באגלייט מיט א מענגע אנדערע מערער אָדער נישטיק באגאפטע מענטשנ ווי האנקע, הײַ א. אז. וו. אינ קאָנטראסט צו דער דערנידעריקטער אונ אונטערגעבראָכענער קעגנווארט פונ אָט די נאציאָנאליטעטנ זײַנענ געמאָלט געוואָרנ אינ פלאמיקע פארבנ די רומפולע בלעטלעכ פונ דער בעהמישער אונ סערבישער געשיכטע; אונ פונקט ווי אינ דעמ איבעריקנ טייל פונ דײַטשלאנד האָט מענ אונטערנ שלייער פונ „פילאָסאָפיע" קריטיקירט די פאָליטיק אונ די טעאָלאָגיע, אזוי האָבנ די פאנסלאוויסטנ אינ עסטרײַכ, פאר מעטערניכנ אינ די אויגנ, אויסגענוצט די פילאָלאָגיע אפ צו פריידיקנ די לערע וועגנ דער סלאווישער איינהײַט אונ אפ צו שאפנ א פאָליטישע פארטיי, וואָס איר באשײַמפערלעכער ציל איז געווענ צו ענדערנ די לאגע פונ אלע נאציאָנאליטעטנ אינ עסטרײַכ אונ זי גופע צו פארוואנדלענ אינ א גרויסער סלאווישער מעלוכע.

ס'איז ווירקלעכ ווערט צו באווונדערנ דאָס געמיש פונ שפראכנ, וואָס הערשט צו מיזרעכ פונ בעהמענ אונ קארינטיע. אנ עמעסנ ווערטער־באָוול האָט ארײַנגעבראכט דער פראָצעס פונ דענאציאָנאליזאציע בא די סלאווונ, וואָס גרענעצנ מיט דײַטשלאנד, דאָס לאנגזאמע, אָבער אומופהערלעכע פאָרויסרוקנ זיכ פונ די דײַטשנ, דאָס ארײַנדרינגענ פונ די אונגארנ, וואָס האָט פאנאנדערגעטיילט די צאָפנדיקע אונ די דאָרעמדיקע סלאווונ מיט א קאָמפאקטער מאסע פונ 7 מיליאָנ פונ דער פינישער ראסע, דאָס ארײַנדרינגענ פונ די טערקנ, טאָטערנ, וואלאכנ אינעווייניק אינ די סלאווישע שוואָטימ. די שפראכ בײַט זיכ פונ דאָרפ צו דאָרפ, שיר ניט פונ איינ פערמע צו דער צווייטער. בעהמענ גופע ציילט אָנ פונ 5 מיליאָנ באפעלקערונג, 2 מיליאָנ דײַטשנ, באנאנד מיט 3 מיליאָנ סלאווונ, וואָס זײַנענ כוצדעמ ארומגערינגלט פונ דרײַ זײַטנ מיט דײַטשנ. דאָס זעלביקע זעענ מיר בא די עסטרײַכיש־סלאווישע שוואָטימ. איבערגעבנ צו די סלאווונ די אלע צוערשט סלאווישע לענדער אונ טעריטאָריעס, פארוואנדלענ עסטרײַכ, אכוצ טיראָל אונ לאָמבארדיע, אינ א סלאווישער מעלוכע, וואָס דאָס איז געווענ דער ציל פונ די פאנסלאוויסטנ, דאָס וואָלט געהייסנ דערקלערנ, אז די היסטאָרישע אנטוויקלונג פונעמ לעצטנ יאָרטויזנט האָט קיינ שומ באטײַט ניט, אָפשנײַדנ א דריטל דײַטשלאנד אונ פארוואנדלענ גאנצ אונגארנ, ווינ אונ בודאפעשט אינ סלאווישע שטעט, — א מעטאָד, וואָס ס'וואָלטנ אימ קומ געקענט סימפאטיזירנ די דײַטשנ אונ די אונגארנ, וואָס באזיצנ אָט די קרײַזנ. דערצו נאָכ זײַנענ די אונטערשיידנ צווישנ סלאווישע דיאלעקטנ אזוי גרויס, אז, כוצ זעלטענע אויסנאמענ, זײַנענ

זיי אומפארשטענדלעכ איינע די אנדערע. אפ א קאָמישנ אויפנ איז דאָס דערוויזנ געוואָרנ אפנ סלאווישנ קאָנגרעס אינ פראָג אינ 1848, ווו נאָכ פארשיידענע אונ אומנוצלעכע פרווונ צו געפינענ א געמיינזאמע שפראכ, וואָס איז פארשטענדלעכ פאר אלע מיטגלידער, זייַנענ זיי סאָפקאָלסאָפ געווענ געצוווּנגענ צו ריידנ אפ דער געהאסטער פונ זיי שפראכ — אפ דייַטש.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Панславизм.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XV, 262.

די טשעכנ אונ כאָרוואטנ האָבנ צונויפגערופנ אינ פראָג אנ אלסלאווישנ צוזאמענכאָר אפ צוגרייטנ אנ אלגעמיינעמ סלאווישנ פארבאנד. אויכ אָנ דעמ אריַינמישנ זיכ פונעמ עסטרייַכישנ מיליטער וואָלט מיט אָט דעמ צוזאמענפאָר געווענ א זיכערע קאטאסטראָפע. די באזונדערע סלאווישע דיאלעקטנ אונטערשיידנ זיכ צווישנ זיכ אזוי ווי ענגליש, דייַטש אונ שוועדיש, אונ ווענ ס'האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די דעבאטנ, האָט זיכ ניט געפונענ קיינ געמיינזאמע סלאווישע שפראכ, וואָס אפ איר זאָלנ די רעדנער קענענ פארשטיינ איינער דעמ אנדערנ. מע איז אָנגעקומענ צו דער פראנצויזישער שפראכ, איז זי פונקט אזוי געבליבנ אומפארשטענדלעכ פאר דער מערהייַט, אונ די בידנע סלאווישע ענטוזיאסטנ, וואָס דאָס איינציקע געמיינזאמע געפיל זייערס איז געווענ דער האס צו די דייַטשנ, האָבנ סאָפקאָלסאָפ געמוזט זיכ צונויפריידנ אפ דער געהאסטער פונ זיי דייַטשישער שפראכ, — אפ דער איינציקער שפראכ, וואָס איז פארשטענדלעכ פאר אלעמענ.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Революция и контрреволюция в Германии. Соч. VI, 61.

דער אומיטלבארער ציל פונעמ פאנסלאוויזמ איז אופצושטעלנ א סלאווישע צארנמעלוכע פונ די ארצ-אונ קארפאט-בערג ביזנ שווארצנ, עגייִשנ אונ אדריאטישנ יאמ אונטער דער הערשאפט פונ רוסלאנד — א צארנ-מעלוכע, וואָס וואָלט אָנגעציילט נאָכ אנערעכ א טוצ סלאווישע שפראכנ אונ הויפט-דיאלעקטנ, אכיצ דייַטש, איטאליעניש, מאדיאריש, וואלאכיש, טערקיש, גריכיש אונ אלבאניש. אָט דאָס אלצ וואָלט צוזאמענגעהאלטנ געוואָרנ ניט דורכ יענע עלעמענטנ, וואָס פלעגנ ביז אהער אופהאלטנ אונ אנטוויקלענ עסטרייַכ, נאָר דורכ די אבסטראקטע אייגנשאפטנ פונעמ סלאוונטומ אונ דורכ דער אזויגערופענער סלאווישער שפראכ, וואָס איז געמיינזאמ פאר דער מערהייַט באפעלקערונג. ווו אָבער עקזיסטירט דאָס דאָזיקע סלאוונטומ, אויב ניט אינעמ קאָפ בא עטלעכע אידעאָלאָגנ, ווו איז די „סלאווישע שפראכ“, אויב ניט אינ דער פאנטאזיע פונ די הערנ פאלאצקי, הייַ אונ קאָמפאניע אונ טיילווייַז אינ דער אלט-סלאווישער גאָטדינסט פונ דער רוסישער קירכ, וואָס איז ניט פארשטענדלעכ פאר קיינ איינ סלאוו.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Революционная борьба в Венгрии. Соч. VII, 1930, 227.

דער אונטערוואקסנדיקער צוקונפט-בירגער וועט קיינ סאכ ניט האָבנ אויסצושטיינ פונ דער פילאָלאָגיע, דאָס דערלערנענ טויטע שפראכנ וועט אינגאנצנ אָפפאלנ... אונ דאָס דערלערנענ לעבעדיקע פרעמדע שפראכנ וועט זייַנ א נעבנ-זאכ, בלויז דאָרטנ, ווו דער פארקער צווישנ פעלקער דריקט זיכ אויס אינ דער באוועגונג פונ די פאָלקס-

מאסנ גופע, זאָלנ די פרעמדשפראכנ אָנגעייגנט ווערנ פונ יעדנ אינ א לײַכטער פאָרמ לויט דער באדערפעניש נאָכ. אפ צו דערגרייכנ דאָ „אווירקלעכנ בילדונג־רעזולטאט” בא דערלערנענ שפראכנ איז צוגעגרייט עפעס א מינ אלגעמיינע גראמאטיק, אונ באזונדערס דארפ דינענ פאר אָט דעמ איניענ „די מאטעריע אונ פאָרמ פונ דער אייגענער שפראכ”. — די נאציאָנאלע באגרענעצטקײַט פונ דעמ הײַנטצײַטיקנ מענטשנ איז נאָכ צו קאָסמאָפּאָליטיש פאר דעמ ה. דיורינג. וויל ער פארניכטנ אויכ יענע צוויי הייבערס, וואָס גיבנ אינ דער איצטיקער אָרדענונג כאָטש א געוויסע מעגלעכקײַט צו שטעלנ זיכ העכער פונ דעמ באגרענעצטנ נאציאָנאלנ שטאנדפונקט, — באזײַטיקנ איינציַיטיק סײַ דאָס קענענ אלטע שפראכנ, וואָס עפנט א געמיינזאמענ ברייטנ האָריזאָנט, וויי‌ניקסטנס פאר די מענטשנ פונ פארשיידענע לענדער, וואָס האָבנ באקומענ א קלאסישע בילדונג, סײַ דאָס קענענ די נײַע שפראכנ, וואָס מיט זייער הילפ פארשטייענ זיכ איינער דעמ אנדערנ מענטשנ פונ פארשיידענע נאציעס אונ קענענ באקאנט ווערנ דערמיט, וואָס ס'קומט פאָר אויסער זייער אייגענער לעבנ־ספערע. דערפאר אָבער דארפ מענ גרינטלעכ אויסכאזערנ די גראמאטיק פונ דער אייגענער שפראכ. „די מאטעריע אונ די פאָרמ פונ דער אייגענער שפראכ” קענענ אָבער זײַנ בלויז דאנ פארשטענדלעכ, ווענ מע שפירט נאָכ נאָכ איר אופקומ אונ איר בעהאדראָגיקער אנטוויקלונג, אונ דאָס איז אומעגלעכ, ווענ מע לאָזט ארויס פונ אויג, ערשטנס, אירע אייגענע אָפּגעשטאָרבענע פאָרמעס, אונ צווייטנס, די קרוינוישע לעבעדיקע אונ טויטע שפראכנ. דאָס לעצטע, קענ זיכ דוכטנ, דראָט מיט ארײַנרײַסנ זיכ אינ פארבאָטענעמ געביט. אומזיסטע שרעק. דער הער דיורינג, וואָס האָט ארויסגעטריבנ פונ זײַנ לערנפלאנ די גאנצע מאָדערנע היסטאָרישע גראמאטיק, לאָזט איבער אינ זײַנ שול פארנ שפראכלימעד בלויז די אלטפרענקישע, צוגעשניטענע אינ סטיל פונ דער אלטער קלאסישער פילאָלאָגיע, טעכנישע גראמאטיק מיט איר גאנצער קאזויסטיק אונ ווילקירלעכקײַט, וואָס זײַנענ ארויסגערופנ דורכ דעמ, וואָס אינ איר איז ניטאָ קיינ געשיכטלעכער גרונט. דער האס צו דער אלטער פילאָלאָגיע ברענגט אימ דערצו, אז אל דאָס ערגסטע, וואָס מע קענ אינ איר געפינענ, מאכט ער פארנ מיטלפונקט פאר דעמ דערלערנענ שפראכנ, וואָס האָט א ווירקלעכנ בילדונג־באטײַט. ס'איז קלאָר, אז מיר האָבנ צו טאָנ מיט א פילאָלאָג, וואָס האָט קיינמאָל ניט געהערט וועגנ דער היסטאָרישער שפראכקענטעניש, וואָס האָט זיכ אזוי שטארק אונ פרוכטבאר אנטוויקלט פאר די לעצטע 60 יאָר אונ וואָס זוכט אויס דעריבער „די מאָדערנע דערהויבענע בילדונג־עלעמענטנ” פונ דער שפראכקענטעניש ניט בא באָפּנ, גרימענ אונ דיצנ, נאָר בא הײַזעס אונ בעקערס זעליקנ אָנדענק.

Фр. Энгельс. Анти-Дюринг, изд. 1931 г., 305—306.

אונדזערע אורעלטערנ — די מאלפעס, ווי ס'איז שוינ אויבנ געזאָגט געוואָרנ, זײַנענ געווענ געזעלשאפטלעכע באלעכאַימ. ס'איז פולשטענדיק קלאָר, אז דעמ אָפשטאמ פונעמ מענטשנ, פונ אָט דעמ סאמע געזעלשאפטלעכנ צווישנ די אלע באלעכאַימ, קאָנ מענ ניט ארויספירנ פונ ניט־געזעלשאפטלעכע נאָענטסטע אורעלטערנ. די הערשאפט איבער דער נאטור, וואָס האָט זיכ אָנגעהויבנ מיט דער אנטוויקלונג פונ דער האנט אונ פונ דער ארבעט, פלעגט מיט יעדנ נײַעמ שריט פארברייטערנ דעמ האָ־

ריזאָנט פונעמ מענטשנ. אינ די נאטור־געגנשטאנדנ פלעגט ער שטענדיק אנטדעקנ נײַע, ביז דאנ אומבאקאנטע אייגנשאפטנ. פונ דער אנדערער זײַט, האָט די אנטוויקלונג פונ דער ארבעט נויטווענדיק מיטגעווירקט, אז די מיטגלידער פונ דער געזעלשאפט זאָלנ זיכ ענגער באהעפטנ, ווײַל אדאנק דער אנטוויקלונג פונ דער ארבעט זײַנענ געוואָרנ אָפטער די פאלנ פונ קעגנזײַטיקער אונטערשטיצונג, פונ געמיינזאמער טעטיקײַט, אונ פאר יעדנ איינצלנעמ מיטגליד איז קלאָר געוואָרנ די נוצלעכקײַט פונ אזא צוזאמענדיקער טעטיקײַט. קורצ גערעדט, די ווערנדיקע מענטשנ זײַנענ געקומענ דערצו, אז בא זיי האָט זיכ באוויזנ א באדערפעניש עפּעס צו זאָגנ איינער דעמ אנדערנ. די באדערפעניש האָט זיכ געשאפנ אנ אָרגאנ: די אומאנטוויקלטע קעל פונ דער מאלפּע ווערט איבערגעשטאלט לאנגזאמ, אָבער אומאָפּנויגלעכ, דורכ בעהאדראָגעדיק שטײַגנדיקע מאָדוליאציעס, אונ די מויל־אָרגאנענ האָבנ זיכ בעהאדראָגעדיק אויסגעלערנט ארויסצוברענגענ איינ ארטיקולירטנ קלאנג נאָכ דעמ אנדערנ.

אז דאָס דאָזיקע דערקלערנ די שפּראכ פונ דעמ ארבעט־פּראָצעס אונ אינאיינעמ מיט אימ איז די איינציק ריכטיקע, באווײַזט דער פארגלײַכ מיט באלעכאַיִמ. דאָס ביסל, וואָס די באלעכאַיִמ, אפילע די אמייסטנ אנטוויקלטע צווישנ זיי, האָבנ מיטצוטיילנ איינער דעמ אנדערנ קענ מיטגעטיילט ווערנ אויכ אָנ דער הילפ פונ דער ארטיקולירטער שפּראכ. אינ נאטור־צושטאנד פילט זיכ קיינ שומ באלעכײַ ניט אומבאקוועמ פונ ניט קענענ רעדנ אָדער פארשטיינ די מענטשלעכע שפּראכ. גאנצ אנדערש איז ווענ דער באלעכײַ ווערט פארהיימישט דורכנ מענטשנ. דער הונט אונ דאָס פערד האָבנ אדאנק דעמ פארקער מיטנ מענטשנ אנטוויקלט אינ זיכ אזא פילנדיקנ אויער פאר דער ארטיקולירטער שפּראכ, אז ווי ווײַט ס׳גרייכט נאָר דער פאָרשטעלונג־קרײַז, וואָס איז זיי אייגנטימלעכ, לערנענ זיי זיכ אויכ צו פארשטיינ יעטווידע שפּראכ. זיי האָבנ בוצדעמ דערוואָרבנ די פייִקײַט פאר אזוינע איבערלעבונגענ, ווי דאָס געפיל פונ צוגעבונדנקײַט צומ מענטשנ, דאָס געפיל פונ דאנקבארקײַט א. אז. וו., אזוינס, וואָס פריִער איז עס זיי פרעמד געווענ. אונ יעדערער, וועלכנ ס׳איז אויסגעקומענ האָבנ צו טאָנ מיט אזוינע באלעכאַיִמ, וועט קוימ קענענ אָפּלייקענענ, אז איצט זײַנענ אָפּט פאראנ פאלנ, ווענ זיי שפּירנ אלס מאנגל זייער אומפייִקײַט צו ארטיקולירטער רייד. צומ באדויערנ אָבער זײַנענ זייערע שטימ־אָרגאנענ שוינ אזויפיל ספּעציאליזירט אינ א באשטימטער ריכטונג, אז מע קענ שוינ בעשומויפנ ניט העלפנ זיי אינ דער דאָזיקער צאָרע. דאָרט אָבער ווו באדינגונגענ פארנ אָרגאנ זײַנענ מער גינסטיקע דערצו קענ אויכ אָט די אומפייִקײַט פארשווינדנ אינ געוויסע גרענעצנ.

די שטימ־אָרגאנענ פונ די פויגלענ שיידנ זיכ אונטער, געוויינלעכ, ראדיקאל פונ די אנטשפּרעכנדיקע אָרגאנענ באמ מענטשנ, פונדעסטוועגנ זײַנענ די פייגל די איינציקע באלעכאַיִמ, וואָס קענענ זיכ אויסלערנענ ריידנ; אונ גראָד דער פויגל מיט דער סאמע עקלדיקער שטימ, דער פּאָפּוגײַ, פארמאָגט די דאָזיקע פייִקײַט אינ דער גרעסטער מאָס. אונ זאָל מענ דערופּ ניט דערווידערנ, אז דער פּאָפּוגײַ פארשטייט ניט וואָס ער רעדט. ס׳איז, פארשטייט זיכ, ריכטיק, אז בלויז פונ ליבע צומ פּראָצעס פונ ריידנ ווי צומ פארקער מיט מענטשנ קענ דער פּאָפּוגײַ שאָענלאנג איבערכאזערנ אומזיניק זײַנ גאנצנ וואָרט־פארמאָג. אינ די ראמענ אָבער פונ זײַנ פאָרשטעלונג־קרײַז קענ ער זיכ אויסלערנענ אויכ צו פארשטיינ, וואָס ער זאָגט. לערנט אויס א פּאָפּוגײַ זידלווער־

טער אזוי, אז ער זאָל באנעמענ זייער באטײַט (איינע פונ די הויפט־פארוויַלונגע
בא די מאטראָסנ, וואָס קערנ זיכ אומ פונ די הייסע לענדער), — פרובירט אימ דער־
דערנאָכ רייצנ, וועט איר גיכ אנטדעקנ, אז ער וועגדט אָנ זײַנע ז״דלווערטער פונקט
אזוי ריכטיק, ווי א בערלינער הענדלערקע; פונקט דאָס אייגענע איז באמ אויסבעט־
לענ נאשערײַ.

צוערשט ארבעט, אונ דערנאָכ אונ באנאנד מיט איר דאָס ארטיקולירטע ריידנ
זײַנענ געווענ די הויפט־סטימולנ, וואָס אונטער זייער ווירקונג האָט דער מארכ פונ
דער מאלפע בעהאדראָגע געקאָנט פארוואנדלט ווערנ אינ א מענטשלעכנ מארכ, וואָס
בא דער גאנצער ענלעכקײַט אינ דער גרונט־סטרוקטור שטײַגט ער אריבער דעמ ער־
שטנ מיט זײַנ גרייס אונ פולקומענקײַט. מיט דער אנטוויקלונג פונ מארכ איז גע־
גאנגענ פאראלעל די אנטוויקלונג פונ זײַנ נאָענטסטנ געצײַג — פונ די כושימ.
ווי די בעהאדראָגעדיקע אנטוויקלונג פונ דער שפראכ ווערט אומבאדינגט באגלייט
מיט דער אנטשפרעכיקער פארפינקטלעכונג פונעמ געהער־אָרגאנ, פונקט אזוי ווערט די
אנטוויקלונג פונעמ מארכ באגלייט מיט דער פארפולקומונג פונ אלע כושימ ביקלאל...
די צוריקווירקונג פונ דער מארכ־אנטוויקלונג אונ פונ די צו אימ אונטערגעוואָרפענע
כושימ, פונ דעמ באוווסטזײַנ, וואָס קלאָרט זיכ אויס אלצ מערער אונ מערער, פונ
דער פייִקײַט צו אבסטראקציע אונ שלוס־פאָלגערונג וועגנ ארבעט אונ שפראכ, —
דאָס האָט ביידנ געגעבנ א נײַעמ שטויס צו דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג.

Ф. Энгельс. Диалектика природы.
(Роль труда в процессе очеловечивания обезьяны). 1932, 52—53.

---

# מארקס אונ ענגעלסעס אינטערעס צו שפראכ אונ שפראכוויסנ

סאנטשאָ איז, אגעוו, באקאנט בלויז מיטנ מעטאָד פונ פארגלײַכנ בא ליטעראטנ אונ פלאפלער, מיטנ מעטאָד, וואָס ברענגט צו יענעמ טיפזיניקנ אויספיר, אז סאנטשאָ איז ניט ברונאָ, אונ ברונאָ איז ניט סאנטשאָ. ער איז אָבער, פארשטייט זיכ, אינ־גאנצנ ניט באקאנט מיט די וויסנשאפטנ, וואָס האָבנ דערגרייכט צו גרויסע דערפאָלגנ בלויז אדאנק דעמ פארגלײַכנ אונ דעמ אײַנשטעלנ פארשיידנקײַטנ אינ דער ספערע פונ פארגלײַכנ, אונ אינ וועלכנ דאָס פארגלײַכנ באקומט אנ אלגעמיינ־באטײַטיקנ כאראקטער—מיט אזוינע וויסנשאפטנ, ווי פארגלײַכיקע אנאטאָמיע, באָטאניק, שפראכ־קענטעניש א. אז. וו.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. т. IV, 1932.
Немецкая идеология, 429.

דער אלטער באָכער האָט זיכ אסאכ פארנומענ מיט שפראכנ. ער רעדט פויליש אונ דערקלערט דעריבער די פוילישע שפראכ פאר דער „סאמע שענסטער“. שפראכנ האָט ער, ווײַזט אויס, געלערנט אינגאנצנ אומקריטיש. ער האלט, אשטייגער, דובראָווסקינ פאר אסאכ „מערער וויכטיק“ איידער גרימענ, אונ רופט אימ פאָטער פונ פארגלײַכיקנ שפראכוויסנ. ער האָט זיכ אויכ געלאָזט, אז די פאָליאקנ אינ בערלינ זאָלנ אימ אײַנרעדנ, אז דער אלטער לעלעוועל האָט אינ זײַנ לעצט ווערק קלוימערשט אָפגעלייקנט גרימס געשיכטע פונ דער דײַטשישער שפראכ.

אגעוו, ער האָט דערציילט, אז אינ דײַטשלאנד איז דערשינענ א גראָבער באנד (פונ א דײַטשישנ אווטער), געווענדעט קעגנ גרימס ווערטערבוכ. דער גאנצער באנד באשטייט אינ אָנווײַזנ די בלויזנ, וואָס מע האָט געפונענ בא גרימענ.

דורכ אלע זײַנע באמיִונגענ צוצוגעבנ זיכ א הומאָריסטיש אויסזענ קוקט ארויס א גרויסע אומצופרידנקײַט מיטנ איצט אונ א מעלאנכאָליע... אז דו וועסט קומענ, וועט אונדז דער אלטער באָכער שטארק לוסטיק מאכנ.

פונ מארקס א בריוו צו ענגעלסנ פונ 14/1, 1855.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXII, 107.

A propos וועגנ רוגענ. אָט דער אלטער אייזל האָט שוינ מיט עטלעכע כאדאָשימ צוריק ארויסגעלאָזט א פראָספעקט וועגנ באנײַענ [די געוועזענע] ci-devant „Deutche Iahrbücher“ זײַנ הויפט־אויפגאבע דארפ זײַנ דער קאמפ קעגנ מאטעריאליזמ, דעמ נאטורוויסנשאפטלעכנ אונ אינדוסטריעלנ, item י) קעגנ פארגלײַכיקנ שפראכ־וויסנ, וואָס איז איצט אינ דער מאָדע א. אז. וו. קורצ, קעגנ אלצ, וואָס פאָדערט פינקטלעכ וויסנ.

ק. מארקס בריוו צו ענגעלסנ 24/I, 1857. Соч XXII, 259

---

י) אויכ.

... גריס לופוסנ. זאָג אים, אז בא גרימענ האָב איכ געפונענ א וויסנשאפטלעכע דערקלערונג פונעמ נאָמענ פונ אָדעקאָלאָנ־פאבריקאנט, פארינע, אונ נעמלעכ—פונ׳ בעם סאנסקריטישנ vâri (וואסער). געניטיוו—vârinas.

פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ, 9־טנ אפרעל, 1857 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXII, 193.

לופוס האלט, אז די עטימאָלאָגיע פונעמ נאָמענ Farina, וואָס מאוור וויַזט אָנ, איז אינגאנצנ ניט ריכטיק, אז דאָס סאנסקריטישע vârinas—דאָס איז דער וואָרצל פונ ווארִיאָנעווער טאבעק. מאוור האָט געוויס געווארט אנ ענטפער אפ אָט דער פראַגע,—טיילט־זשע עס אימ גלייַכ מיט.

פונ ענגעלסעס בריוו צו מארקס פרוי. דאָרטנ ז. 194.

פונ ארומ 16־טנ אפרעל, 1857 י.

איכ בינ אינגאנצנ פארזונקענ אינ אולפילע; מע דארפ ווענ ס׳ניט איז מאכנ א סאָפ צו דער פארשאָלטענער גאָטישער שפראכ, וואָס ביז אהער האָב איכ זיכ מיט איר פארבייַגייענדיק פארנומענ. צו מייַנ וווּנדער איבערצייַג איכ זיכ, אז איכ ווייס אסאכ מער, ווי איכ האָב געטראכט; אויב איכ וועל באקומענ נאָכ איינ הילפבוכ, רעכנ איכ זיכ פולשטענדיק ספראווענ דערמיט פאר צוויי וואָכנ צייַט. דאנ וועל איכ אריבערגיינ צו אלט־נאָרוועגיש אונ צו ענגליש־זאקסיש, וואָס כ׳האָב זיי אויכ אלעמאָל באהערשט אפהאלב. איכ ארבעט ביז איצט אָנ א ווערטערבוכ אונ אָנ וואָסערע ס׳ניט איז הילפ־מאטעריאלנ: איכ האָב אונטער דער האנט בלויז דעמ גאָטישנ טעקסט אונ גרימענ—דער אלטער איז בעעמעס צו באוווּנדערנ. צוליב דעמ וואָלט איכ זייער באדארפט האָבנ ג(רימס) געשיכטע פונ דייַטש; צי קענסטו זי ניט צושיקנ מיר ווידער אהער?

פונ ענגעלסעס א בריוו צו מארקסנ, פונ 4־טנ נאָיאבער, 1859 י. דאָרטנ ז. 452.

וואָס הייסט Rüm Hart; klar Kimmang?

1864, 2/XI ענגעלסעס א בריוו צו מארקסנ

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XXIII, 206.

דייַנע רונעס Rüm Hart א. אז. וו. וואָלט איכ איבערגעזעצט, ארויסגייענדיק פונ האָלענדיש־פריזיש, אזוי: א גרויס הארצ, א קלאָרער האָריזאָנט. איכ האָב אָבער מוירע, אז הינטער דעמ איז באהאלטנ גאָר עפּעס אנדערש, אונ דעריבער זאָג איכ זיכ אָפּ צו טרעפנ.

מארקס בריוו צו ענגעלסנ 4/X, 1864. דאָרטנ ז. 206.

די פריזישע אופגאבע האָסטו ריכטיק געלייזט אכוצ בלויז איינ וואָרט. Kimmang באטייַט אפ צאָפנ־פריזיש: קוק פונ אויג. בא די דאָזיקע פריזנ איז די נאטור א ספּעקוליאטיווע, אונ זיי האָבנ אוועקגעשטעלט דעמ אינערלעכנ האָריזאָנט אפנ אָרט פונ אויסערלעכנ, ווי אשטייגער וואגנער פאָדערט איצט דעמ „אינערלעכנ דיופעל״. דאָס איז אנ אלטער מאטראָסישער אויסדרוק.

ענגעלסעס בריוו צו מארקסנ 7/XI 1864 י. דאָרטנ, 212.

איכ דערלערנ איצט גרימס מייַסעלעכ, די גערמאנישע העראישע סאגעס, דאָס

אלט־פריזישע רעכט א. אז. וו. ווי נאָר איך וועל זיך דערמיט אביסל ספּראווען, וועל איך ערנסט אריבערגיין צו דער אלט־פריזישער שפּראַך...

ענגעלסעס בריוו צו מאַרקסן 16/VII 1885 י. דאָרטן, 292.

איידער כ׳וועל אריבערגיין צו אלגעמיינע פראַגעס, זעצ מיר איבער אפ דײַטש „put streches upon the mul“ און זאָג מיר, וואָס הייסט „picks“ אין וועבערײַ און „flyer“ אין דער שפּינמאַשין.

מאַרקס בריוו צו ענגעלסן 7/VII 1866 י. דאָרטן, 361.

צי ווייסטו עפּעס ניט קיין אירלענדישע גראַמאַטיק, און צי קען מען זי ניט קויפן בא אן אנטיקוואַר? עס וועט מיך שטאַרק קימערן, אויב איך וועל ניט ריכטיק ציטירן עפּעס א קעלטיש וואָרט, אשטייגער אין געניטיוו אָדער אין נאָמינאַטיוו מער־צאָל אָנשטאָט נאָמינאַטיוו איינצאָל.

ענגעלסעס בריוו צו מאַרקסן 11/V 1870 י. 328, Соч. XXIV

די רוסישע מאַטעריאַלן, וואָס איך שיק דיר הײַנט, קענסטו לאָזן בא זיך, ווײַל איך האָב צווייטע עקזעמפּליאַרן.

די אירלענדישע גראַמאַטיק וועל איך זוכן, ווי נאָר איך וועל ווידער קענען אַרויסגיין.

מאַרקס בריוו צו ענגעלסן 11/V 1870 י. דאָרטן, 341.

... א שרעק ווי ווייניק צײַט איך האָב... און דערצו מוז איך סאָפּקאָלסאָפּ מאַכן אן ענדע צו מײַנע סלאַווישע פאַרנעמונגען. אפן פריִערדיקן דילעטאַנטישן אופן בין איך אין מעשעך פון א יאָר צו גאָרנישט ניט געקומען, און אזויווי איך האָב שוין איין מאָל אָנגעהויבן די דאָזיקע געשיכטע און בין שוין צו ווײַט פאַרגאַנגען אפ צו וואַרפן עס, דאַרף איך איצט רעגולער זיך פאַרנעמען דערמיט א געוויסע צײַט. צוויי וואָכן האָבן איך זיך פלײַסיק פאַרנומען מיט דער רוסישער שפּראַך און איצט נישקאָשעדיק באהערשט די גראַמאַטיק. נאָך א צוויי־דרײַ כאָדאָשים וועלן מיר געבן דעם נייטיקן רעזערוו ווערטער, און דערנאָך וועל איך קענען צוטרעטן צו עפּעס אנדערש. מיט די סלאַווישע שפּראַכן מוז איך האָבן מאַכן אן ענדע, און au fond [אין טאָכ] זײַנען זיי גאָרניט אזוי שווער. אכוץ דעם לינגוויסטישן אינטערעס, וואָס דאָס האָט פאַר מיר, קומען דאָ נאָך צו די האשאָרעס, אז בא דער נאָענטסטער מעלוכע־איבערקע־רעניש וועט אלנפאַלס כאָטש איינער פון אונדז קענען די שפּראַכן, די געשיכטע, די ליטעראַטור און די דעטאַלן פון די סאָציִאַלע אײַנריכטונגען גראָד פון יענע פעלקער, וואָס מיט זיי וועט גלײַך אויסקומען ארײַנצוטרעטן אין א קאָנפליקט.

אייגנטלעך גערעדט, האָט באַקונין צו עפּעס דערגרייכט בלויז אדאַנק דעם, וואָס קיינער איינער מענטש האָט ניט געקענט קיין רוסיש. און ס׳וועט זיך ווידער זייער ברייט פאַרשפּרייטן די אלטע פּאַנסלאַוויסטישע dodge [אָפּנאַרערײַ], וואָס פאַרוואַנדלט דאָס אלט־סלאַווישע געמיינדישע אייגנטום אין קאָמוניזם און וואָס מאָלט אויס די רוסישע פויערים ווי געבוירענע קאָמוניסטן.

פון ענגעלסעס בריוו צו מאַרקסן דעם 18/1 1872 י.
К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XXI. 1932, 341—42.

פונ די דרײַ ביכער, וואָס דו האָסט געפֿאָדערט, איז בא גארגעטנ אונ ווילִיאמסנ אפֿנ לאַגער קיינ איינס ניט געוועזנ. איכ האָב באַשטעלט „Слово о полку Игореве", וועגנ די אנדערע צוויי וויל איכ זיכ אפֿ פֿריִער דורכריידנ מיט דיר.

דאָבראָווסקיס „Slawin", האַנקעס אויסגאַבע, אנטשפּרעכט אפֿ קיינ פֿאַל ניט צו די דערוואַרטונגענ, וואָס עס רופֿט ארויס דאָס קעפֿל. דאָס בוכ באַשטייט פֿונ צוויי טײלנ, אויבּ ניט לויטנ סיידער פֿונעמ מאטעריאַל, איז לויטנ אינהאלט, אונ נעמלעכ: 1) קלענערע ארטיקלענ וועגנ סלאַווישנ שפּראַכוויסנ, וואָס נאָכ די נײַסטע אויספֿאָרשונגענ האָבנ זיי איינ בעסטנ פֿאַל אנ אנטיקוואַרישנ אינטערעס (אַשטייגער, א פֿראַגמענט פֿונ נײַעמ טעסטאַמענט פֿונ די ווענדנ, די סלאָווענישע דעקלינאַציע, וועגנ דער סלאָווענישער איבערזעצונג פֿונעמ אלטנ טעסטאַמענט א. אז. וו.). 2) דער פּרווו ארויסצושטעלנ פֿונ דער בעסערער זײַט דעמ כאַראַקטער פֿונ די סלאַווישע פֿעלקער, וואָס האָט ניט קיינ שומ פֿאָלעמישנ שאַרפֿזינ. דערגרייכט ווערט עס דורכ אויסצוגנ פֿונ פֿאַרשיידענע ווערק, דערהויפּט דײַטשישע. אָט איז דאָס צעטל פֿונ די דאָזיקע ארטיקלענ, וואָס שאַפֿנ דעמ סקעלעט פֿונעמ בוכ...

Соч. XXII, 119 .1856 29/II מארקס בריוו צו ענגעלסנ פֿונ

... אָט די דאָרעמ־סלאַווונ לעבנ ניט בלויז איינ א גרויסנ טײל פֿונ טערקײַ, נאָר אויכ איינ דאַלמאַציע, קראָאַציע, סלאַוואָניע אונ איינ דאָרעמ־אונגאַרנ. זיי ריידנ אלע אפֿ איינ אונ דער זעלביקער שפּראַכ, וואָס איז שטאַרק נאָענט צו רוסיש אונ וואָס פֿונ אלע סלאַווישע שפּראַכנ קלינגט זי אמערסטנ מוזיקאַליש פֿאַר אנ אייראָפּייער.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Восточный вопрос. Соч. XI, 1932, 376.

איכ באַגריס דיכ מיט די דערפֿאָלגנ איינ דער רוסישער שפּראַכ. דו ווּעסט בּרענגענ איינ אנטציקונג באָרקהיימענ, אונ דאָס איז טאַקע גוט; מײַנע קענטענישנ איינ דער רוסישער שפּראַכ האָבנ זיכ שוינ קימאַט ווידער אויסגעוועפּט, אונ אז דײַנע וועלנ זיכ אויסוועפּנ, וועל איכ קענענ אָנהייבנ איבערנעמענ.

ענגעלסעס בריוו צו מארקסנ 19/I, 1870.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XXIV, 280.

ניטשוינ־זשע מײַנסטו, אז פֿאַר a few weeks [עטלעכע וואָכנ] האָב איכ דערלערנט די רוסישע שפּראַכ אפֿ אזויפֿיל אונ קענ, אויבּ ניט דאָס, וואָס דו האָסט פֿאַרגעסנ, איז אזויפֿיל, וויפֿל ס'וואָלט געבליבנ ווענ דו וואָלסט געוועזנ פֿאַרגעסנ דרײַ מאָל מערער? איכ בינ דאָכ בלויז אנ אָנפֿאַנגער.

מארקס בריוו צו ענגעלסנ 22/I, 1870, דאָרטנ ז. 286

פֿונ פֿלעראָווסקיס בוכ האָב איכ דורכגעלייענט די ערשטע 150 זײַטנ (זיי זײַנענ געווידמעט סיביר, צאָפֿנ־רוסלאַנד אונ אסטראַכאַנ). ס'איז דאָס ערשטע ווערק, ווו ס'ווערט מיטגעטיילט דער עמעס וועגנ דער עקאָנאָמישער לאַגע פֿונ רוסלאַנד. אָט דער מענטש איז אנ אויסגעשפּראָכענער פֿײַנט פֿונעמ אזויגערופֿענעמ „רוסישנ אָפּטימיזמ". כ'האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיינ ליכטיקע פֿאָרשטעלונגענ וועגנ דעמ דאָזיקנ קאָמוניסטישנ עלדאָראַדאָ, נאָר פֿל(עראָווסקי) שטײַגט אריבער אלע

דערוואַרטונגען. בעעמעס א וווּנדער און א צײַגער פון עפּעס אַן איבערבראָך איז אַלנפאַלס דאָס, וואָס מע האָט אַזאַ זאַך געקאָנט דרוקן אין פּעטערבורג.

„У нас пролетаріев мало, но зато масса нашего рабочего класса состоит из работников, которых участь хуже, чем участь всякого пролетарія" [1]).

דער אָרט שרײַבן איז זייער אָריגינעל, ערטערווײַז דערמאָנט ער מער פון אַלץ מאָנטייל. מע זעט, אַז דער דאָזיקער מענטש איז אומעטום אַרומגעפאָרן און האָט אַלץ פערזענלעך באַאָבאַכט.

מאַרקס בריוו צו ענגעלסן 10/II, 1870, דאָרטן, 7—285.

די געבראַכטע פּראָזע פון פלעראָווסקין איז די ערשטע רוסישע פּראָזע, וואָס איך פאַרשטיי זי פולשטענדיק אָן א ווערטערבוך. וויאַזוי איז דאָס רוסישע קעפּל פון דעם גאַנצן בוך. איך וויל עס זיך אײַנשאַפן. שיקן האָב איך דיר געוואָלט ניט הערצענען, נאָר די דײַטשישע איבערזעצונג פון „ערד און פרײַהײַט" פונעם אַדלמאַן לילי ענטאַל, ווו ס'רעדט זיך וועגן די שלעכטע פאָלגן פון פרײַהײַט פאַר די פּויערים און וויאַזוי אַנטשפּרעכיק ס'פאַלט דערבײַ די לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקציע. שוין העכער מיט א יאָר צוריק האָב איך דיר געשריבן וועגן דעם, פון דעמלט אָן האָט באַרקהיים זיך אײַנגעשאַפן די דאָזיקע ביכער און האָט, ווי מיר געדענקט זיך, פון דאָרטן איבערגעזעצט באַזונדערע שטעלן. ווי נאָר איך וועל עס איבערלייענען, וועל איך דיר אַרויסשיקן.

ענגעלסעס בריוו צו מאַרקסן 11/II 1870, דאָרטן, 789.

До редакциата на сборник „Социал-демократ".

לאָנדאָן 9־טן יוני, 1893.

טײַערע כאַווײרים!

א האַרציקן דאַנק אײַך פאַר צושיקן מיר דעם № 2 פון אײַער „סאָציאַל־דעמאָקראַט". מיט אָט די שורעס וויל איך אײַך לאָזן וויסן, אַז איך הייב אָן אַלנפאַלס פאַרשטיין אײַער שפּראַך. די פאָדערונגען, וואָס עס שטעלט אַרויס דער אינטערנאַציאָנאַליזם, וואַקסן מיט יעדן יאָר: ביזן 1848 יאָר האָט מען געקענט האַלטן פאַר גענוג צו פאַרשטיין די הויפּטלעכע מײַרעוו־און מיטל־אייראָפּייִשע שפּראַכן, דאַן ווען איצט האַלט עס שוין דערבײַ, אַז עס קומט מיר אויס אויף דער עלטער צו דערלערנען אפילו רומעניש און באָלגאַריש, אויב איך וויל ניט אָפּשטיין פון דער באַוועגונג פונעם סאָציאַליזם אויף מיזרעך און אויף דאָרעם־מיזרעך. מיר אויף מײַרעוו פרייען זיך פון האַרצן מיט אָט די דאָרעם־מיזרעכדיקע פאָרפּאָסטן אונדזערע אויף דער אַזיאַטישער גרענעץ, וואָס טראָגן ביז די ברעגן פונעם שוואַרצן און עגייִשן יאַם די פאָן פונעם הײַנטצײַטיקן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע מאַרקס האָט אויפגעהויבן — אָ, ווען מאַרקס אַליין וואָלט עס געקענט זען מיט זײַנע אויגן! — און ענטפערן אויף די פאַרנאַרענישן און דראָונגען פונעם רוסישן צאַריזם, קעגנשטעלנדיק די צאַרישע פּראָקלאַמאַציעס די סאָציאַליסטישע אַרבעטן פון די פירערס פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט.

[1]) די דאָזיקע פּראָזע האָט מאַרקס אָנגעשריבן אויף רוסיש.

איך וואָלט געווענ זייער צופרידנ צו זענ די איבערזעצונג פונ פלעכאנאָווס
ארבעטנ אפ באָלגאריש. Да живее интернационалние социализм!
אײַער פ. ענגעלס[1].

Летописи марксизма I, 1926, 76—77.

איך פארנעמ זיך אסאך מיט דער סערבישער שפראך, ביפראט מיט די לידער, וואָס עס האָט אופגעזאמלט וווק סטעפ. קאראדזשיטש. זי גיט זיך מיך גרינגער פונ אלע סלאווישע שפראכנ.

ענגעלסעס בריוו צו מארקסנ 20/V 1863.

K Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XXIII, 149.

אינ די פרײַע שאָענ פארנעמ איך זיך מיט שפראך. איך האָב אָנגעהויבנ פונ קאלדעראָנענ, פונ „Magico prodigioso“ פונעמ קאטוילישנ פאוסט... horribile dictu (א שרעק צו זאָגנ) — איך האָב איבערגעלייענט אינ שפאניש דאָס, וואָס עס וואָלט געווענ אומעגלעך צו לייענע אפ פראנצויזיש, — שאטאָבריאנס „אטאלא“ אונ „רעגע“ אונ עפעס וואָס בערנארדענ דע־סענ־פיערס. איצט לייענ איך דאָנ־קיכאָטנ, איך געפינ, אז באמ פארנעמענ זיך מיט שפאניש קומט אויס אינ אָנהייב אָפטער אָנקומענ צו א ווערטערבוך, איידער באמ פארנעמענ זיך מיט איטאליעניש.

מארקס בריוו צו ענגעלסנ 3/V 1854.

K. Маркс и Ф Энгельс. Соч, XXII, 29--30.

די וואָך האָב איך זיך מערער אָדער ווייניקער גרינטלעך פארנומענ מיט די האָלענדיש־פריזישע שפראכנ אונ האָב דאָרטנ געפונענ זייער אינטערעסאנטע פילאָלאָגישע זאכנ. צי קענסטו טרעפנ, וואָס באטײַט snieuntojown? סאיז טשיקאווע, ווײַל די מײַרעוודיקע פריזנ ריידנ איצט אָפט ארויס פונקט אזויווי די ענגלענדער שרײַבנ, אשטייגער. hearre, grat (הערנ) א. אז. וו. אינ דער מערהײַט פאלנ איז עס אָבער צופעליק אונ ס'שטאמט פונ ניט לאנג, ווײַל מייסטנס זײַנענ די פאָרמעס פונ דער אלט־פריזישער שפראך פונ דעמ זעלביקנ אָרט גאנצ אנדערע.

פונ ענגעלסעס א בריוו צו מארקסנ פונ 28־טנ מארט, 1869 י.

K. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIV, 180—181.

ווײַל דו קענסט, ווײַזט אויס, ניט טרעפנ וואָס עס באטײַט snieuntojown וועל איך דיר אויסזאָגנ: שאבעס אינאָוונט.
וויאזוי אָבער באקומט זיך עס? דאָס איז די פראגע.

פונ ענגעלכעס בריוו צו מארקסנ פונ 4־טנ אפרעל 1769 י.

K. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIV, 184.

אלס אנ אויספאָרשער אינ געביט פונ פארגלײַכיקנ שפראכוויסנ וועסטו עפשער געפינענ פאר זיך אינטערעסאנטע פאָרמעס אינעמ פאָלגנדיקנ אויסצוג פונ איינ שאָטלענדישער כראָניק אינ אָנהייב פונעמ 15־טנ י. ה.[2].

פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ, 1־טנ מארט 1869 י.

K. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIV, 166.

[1] ס'איז ענגעלסעס בריוו אינ דער רעדאקציע פונעמ באָלגארישנ ס. ד. אָרגאנ. די ערשטע אונ די לעצטע שורע האָט ענגעלס געשריבנ אינ באָלגאריש.

[2] דער אויסצוג ווערט דאָרט אינגאנצנ געבראכט.

אין אן אלט־שאָטלענדישן פראגמענט האָט מיך פון פילאָלאָגישן שטאנדפונקט פאַרינטערעסירט בלויז די פאָרמע „האָבנדיק“ participii praesentis, havand [1]). די פאראַנענקייט פון אזא פאָרמע אין דער כראָניק באווייזט, אז די דאָזיקע פאָרמע האָט נאָך עקזיסטירט אין שאָטלאנד אין אָנהייב פונעם 15־טן י. ס'הייסט צו דער צייט, ווען אין ענגלאנד איז זי שוין לאנג געווען פארשוווּנדן.

דעם גרייַז אין רוסיש האָב איך ווירקלעך געמאכט. איך האָב רעכט פארגעסן די רוסישע דעקלינאציע.

פון ענגעלסעס א בריוו צו מארקסן, פון 3־טן מאדט, 1869 י. דאָרטן, 168.

וויבאלד איך בין שוין אפ עטלעכע וואָכן געבליבן שטעקן אין אָט די מיזרעכדיקע איניאָנים, האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט צו דערלערנען די פערסישע שפראך. פון דער אראבישער שפראך שרעקט מיך אָפּ, פון איין זייט, מיין איינגעבוירענער עקל צו די סעמיטישע שפראכן, און פון דער צווייטער זייט — דאָס, וואָס אין א קורצער צייט איז ניט מעגלעך צו דערגרייכן צו וואָסערע ס'ניט איז מאמאָשעסדיקע רעזולטאטן אין א שפראך, וואָס איז אזוי רייך, וואָס האָט 4 טויזנט וואָרצלען און כאפט ארום אין איר אנטוויקלונג א 2—3 טויזנט יאָר. דערפאר איז פערסיש ניט קיין שפראך, נאָר אן עמעסע קינדער־שפיל. ווען ניט אָט דער פארשאָלטענער אראַבישער אלפאבעט, ווו גאנצע 6 אויסיעס האָבן פולשטענדיק אן אלציין אויסזען און ווו ס'איז ניטאָ קיין וואָקאלן, וואָלט איך זיך גענומען אויסלערנען די גאנצע גראַמאטיק אין מעשעך פון 48 שאָ. ס'איז אפ צו טרייסטן פיפערן, ווען ס'זאָל זיך אים פארגלוסטן נאָך מיר דורכצומאכן דעם אייגענעם ניטשארפזיניקן שפאס. אפ צו דערלערנען די פערסישע שפראך האָב איך זיך גענומען א טערמין פון מאקסימום דריי וואָכן. אויב ער וועט ריזיקירן מיט צוויי כאדאָשים, וועט ער מיך געוויס צענעריקן... פאר וויטלינגן איז עס אן אומגליק, וואָס ער קען ניט קיין פערסיש: ער וואָלט אין אָט דער שפראך געפונען langue universelle toute trouvée [2]), ווייל, אפ וויפל איך וויים איז עס די איינציקע שפראך, ווו ס'איז ניטאָ קיין קאָנפליקט צווישן מ י ר און מ י ך, ווייל דער דאטיוו און דער אקוזאטיוו זיינען אין איר שטענדיק אלציינע.

פון ענגעלסעס א בריוו צו מארקסן פון 6־טן יוני 1853 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXI, 495.

אין אן אלטן נומער „טריבונע“ פון אָנהייב אפרעל האָב איך נעכטן איבערגעלייענט דיין ארטיקל וועגן „Times“ און וועגן די עמיגראנטן מיט דער ציטאט פון דאנטען Je t'en fais mon compliment [3]). די ענגלישע שפראך איז ניט בלויז גוט, זי איז מאמעש גלענצנדיק. ערגעץ־ווו זיינען ניט גאָר געלונגענע ארייַנגעפלאָכטן נאָך

---

[1]) געגנווארט־פארטיציפ

[2]) איינגאנצן א פאַרטיקע אוניווערסאלע שפראך.

[3]) נעם צו מיין באגריסונג.

אײניקע גאנגבארע ווערטער. דאָס איז אָבער אַלצ, וואָס לאָזט זיכ זאָגנ שלעכטס וועגנ דײַנ ארטיקל.

פונ ענגעלסעס א בריוו צו מארקסנ פונ 1־טנ יוני 1853 י.

К. Маркс и Ф. Эегельс. Сочинения т. XXI, 486—7.

ס'האָט אפ מיר געווירקט שטארק דערמוטיקנדיק דאָס, וואָס דו לויבסט אזוי מײַנ „יונגנ" ענגליש. ס'פעלט מיר, ערשטנס, אויס גראמאטישע זיכערקײַט אונ, צווייטנס, געשיקטקײַט אינ יענע צווייטראנגיקע אויסדרוקנ, וואָס אָנ זיי איז פונדעסטוועגנ ניט מעגלעכ לעבעדיק צו שרײַבנ.

פונ מארקס א בריוו צו ענגעלסנ פונ 2־טנ יונ, 1853 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXI, 488.

... אײדער כ'וועל צוטרעטנ צומ בריוו, וועל איכ דיר — כ'זאָל ניט פארגעסנ — פארגעבנ א פראגע:

צי האָבנ any value[1] פאָלגנדיקע ווערטער־קעגנשטעלונגענ, וואָס איכ האָב געפונענ בא אײנעמ א בעלגישנ עטימאָלאָג?

דאָס סאנסקריטישע wer (couvrir, protéger, respecter, honorer, aimer, chréiz[2]) אדיעקטיוו: wertas (exellent, respectabl)[3], דאָס גאָטישע Wairths, דאָס ענגליש־זאקסישע weorth, דאָס ענגלישע worth, דאָס ליטווישע werthas, דאָס אלעמאנישע Werth.

דאָס סאנסקריטישע wertis, דאָס לאטײַנישע virtus, דאָס גאָטישע wairthi, דאָס גערמאנישע Werth.

דאָס סאנסקריטישע wal (couvrir, fortifier[4]), valor, value ???

פונ מארקס א בריוו צו ענגעלסנ פונ 18 מארט.

К. Маркс. Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIII, 190.

פונוואנענ [שטאמט] דאָס וואָרט higid, hid, hiwisc (hida autem Anglice vocatur terra unius aratri culturae sufficiens[5]) דאנ דאָס דײַטשישע וואָרט wiffa (Qui signum, quod propter defensionem terrae[6] (אז די ערד זאָל זיכ רעכענענ פאר אָפּגעצאמט, ס'הייסט דער צייכנ ווערט דאָ געבראכט אָנשטאָט א ווירקלעכער ארומצאמונג) ponitur, quod signum wiffam vobamus?[7]).

פונ מארקס בריוו צו ענגעלסנ פונ 18 מארט 1868 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIV, 31.

דאָס ענגליש־זאקסיש וואָרט וועל איכ זיכ סטארענ אויסצוקלאָרנ; נאָר ווײַל איכ האָב נישט אונטער דער האנט קיינ ענגליש־זאקסיש ווערטערבוכ, וועט אויסקומענ צו באנוצנ זיכ מיט אנדערע קוועלנ, וואָס באמ גרויסנ סכומ ספעציפיש ענגליש־זאקסישע אויסדרוקנ זײַנענ זיי זייער צווייפלדיק. פריִער פאר אלצ וואָלט מענ בא־

---

1) עפעס א ווערט. 2) צודעקנ, פראָטעזשירנ, אכטנ, טײַער האלטנ, ליבהאָבנ, צערטלענ. 3) אויסגעצייכנטער, געאכטעטער. 4) צודעקנ, פארפעסטיקנ. 5) hida איז אינ ענגליש אנ ערדכיילעק, וואָס איז גענוג אפ צו באארבעטנ מיט א פלוג. 6) א צייכנ, וואָס מע שטעלט אפ אָפּצוהיטנ די ערד. 7) וואָס אזא צייכנ רופנ מיר wiffa.

דארפט פעסטשטעלן די פּינקטלעכע אָרטאָגראפיע. וואָס שײַעך צו wiffa, דארף מען וויסן, ווו טרעפט זיך דאָס וואָרט, קעדיי באשטימען, צי האָבן מיר צו טאָן מיט א נידערדײַטשישן אָדער אײבערדײַטשישן קלאנגענבײַט. אויב אן אײבערדײַטשישער, באדארפסטו קעגנשטעלן גראפס „אלט־אײבערדײַטשישע שפּראך", שמעלערס בײַעריש ווערטערבוך אָדער שטאלדערס שווייציש ווערטערבוך. צי באגעגנט זיך ניט אָט דאָס וואָרט אין גרימס „יורידישע אלטערטימלעכקײַטן"?

פון ענגעלסעס א בריוו צו מארקסן פון 19 מארט 1868 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXIV, 31—32.

מיקויעך wiffa געפין איך גאָרנישט ניט, און וואָס שײַעך צו higid, hivisc, hida איז מישסטו צונויפ אין דעם דאָזיקן פאל צווײ, אויב ניט קײן דרײַ פארשײדענע ווערטער.

דאָס ענגליש־זאקסישע hiwisce, דאָס אלט־זאקסישע און אלט־אײבערדײַטשישע hiwiski, דאָס אלט־פריזישע hiskthe, דאָס אלט־צאָפנדיקע hyski[, דאָס נײַ־צאָפן־פריזישע Higid, hiske=familia קען זײַן דער פּארטיציפּ פונעם ענגליש־זאקסישן hegjan; דער דאָזיקער ווערב באטײַט to fence in[1].

צי נעמט זיך hid, וואָס מע טרעפט עס נאָך איצט אין אײניקע ערטער אלס אן ערדמאָס, דערפון אָדער ס'איז פארבונדן מיט hide cutis, אין ענגליש־זאקסישן — hyde — דאָס קען איך ניט זאָגן אָן קײן ענגליש־זאקסישן ווערטערבוך.

פון ענגעלסעס א בריוו צו מארקסן פון 29 מארט 1868 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинение т. XXIV, 36.

„העראקליט דער טונקעלער" פון לאסאל דעם קלאָרן[2] איז אין טאָך זײער אן אומגעלומפּערט ווערק.

... דער באָכער האָט פאר זיך, מאשמאָעס, געשטעלט דעם ציל אויסצוקלאָרן זיך אפ העראקליטן די העגעלישע לאָגיק, און ער ווערט ניט מיד שטענדיק אָנצוהײבן דעם דאָזיקן פּראָצעס פונדאָסנײַ. וואָס איז שײַעך געלערנזאמקײַט, האָט ער פון איר געמאכט א קאָלאָסאלע exhibition[3]. דו זעסט, וויאזוי דער באָכער שרעקט זיך פאר זיך אלײן אין דעם גלאנצרײַך פון פילאָלאָגן, און וויאזוי ער באוועגט זיך מיט דער גראציע פון א מענטשן, וואָס האָט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אָנגעטאָן fashionable dress[4]. אזויווי די מערהײַט פילאָלאָגן איז ניט באקאנט מיט קײן ספּעקוליאטיווע באגריפן, וואָס הערשן בא העראקליטן, האָט דעריבער יעטווידער העגעליאנער, געוויינטלעך, אן אומבאשטרײַטבארן פּאָרצוג צו פארשטײן דאָס, וואָס עס פארשטײט ניט קײן פילאָלאָג (ס'וואָלט, אגעוו, געווען מאָדנע, ווען דורך דערלערנען די גריכישע שפּראך וואָלט א מענטש דורך דעם אלײן געוואָרן א ג ר י כ י ש ע ר

[1]) ארומצאמען מיט א פּארקאן.

[2]) ס'ווערט דאָ געמײנט לאסאלס בוך: „Die Philosophie Heraklits des Dunkeln von Ephesus" (1858).

[3]) אויסשטעלונג.

[4]) אן עלעגאנטן קאָסטיום.

פילאָסאָף, ניט זײַענדיק קיין דײַטשישער פילאָסאָף...). קעגן די פאַלשע אויספירן פון די פילאָלאָגן, וואָס שטאַמען פון ניט זײַן באַקאַנט מיטן מעהוס פון דער זאַך, ווערט אַרויסגערוקט די ענגלישע אויסטײַטשונג מיט אַלע מעטאָדן פון אַדוואָקאַטישער באַרעדעוודיקײַט... אָט די ספּעקוליאַטיווע יערושע ווערט אונדז אונטערגעטראָגן ווי די פּרוכט פון ספּעציעלן פילאָלאָגיש-יורידישן שאַרפזינ און געלערזאַמקײַט דעם הער ל (אַסאַל) אינעם קאַמף מיט די ניט-ספּעקוליאַטיווע פילאָלאָגן.

פון מאַרקס א בריוו צו ענגעלסן פון 1 פעווראַל 1858 י.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Сочинения т. XXII, 298—9.

די שרײַענדיקע פלאַפּלער פון דער דײַטשישער וואולגאַרער עקאָנאָמיע שעלטן דעם סטיל און דעם שרײַב-אַרט פון „קאַפּיטאַל". די ליטעראַרישע כעסרוינעס פון מײַן ווערק ווייס איך בעסער, ווי ווער ס'ניט איז. צוליב פאַרגעניגן און אָפּ אָנצולערנען די דאָזיקע הערן און זייער פּובליקום וועל איך פונדעסטוועגן דורכציטירן די מיינונג פון דער ענגלישער און פון דער רוסישער קריטיק.

„Saturday Revien“, וואָס איז בעפּיירעש פײַנטלעך צו מײַנע אָנשויונגען, שרײַבט אין איר נאָטיץ מיקויעך דער ערשטער דײַטשישער אויסגאַבע: „שרײַבאַרט גיט צו אַן אייגנאַרטיקן כיין (charm) אַפילע די סאַמע טרוקענע עקאָנאָמישע פּראָגעס". די „С. Петербургские Ведомости" באַמערקן אינעם נומער פונעם 20-טן אַפּרעל 1872 יאָר: „אויב ניט רעכענענדיק די אייניקע ספּעציעלע אָפּטיילן, צייכנט זיך אויס די אויסלייגונג מיט אַלגעמיין-צוגענגלעכקײַט, קלאָרקײַט און מיט אַן אומגעוויינלעכער לעבעדיקײַט, ניט געקוקט אָפּ דער וויסנשאַפטלעכער הייך פון דער זאַך. אין דעם הינזיכט איז דער אָווטער... אינגאַנצן ניט ענלעך אָפּ דער מערהײַט דײַטשישע געלערנטע..., וואָס שרײַבן זייערע ביכער מיט אַזאַ נעפּלדיקער און טרוקענער שפּראַך, אַז בײַ אַ פּאָשעטן באַסערוואָדאָם שפּאַלט זיך דער מויעך". בײַ די לייענער פון דער הײַנטצײַטיקער דײַטש-נאַציאָנאַל-ליבעראַלער פּראָפעסערישער ליטעראַטור שפּאַלט זיך ניט דער מויעך, נאָר גאָר עפּעס אַנדערש.

קאַרל מאַרקס „קאַפּיטאַל". 1, 20. באַמערקונג. 8-טע אויסגאַבע

וואָס איז שײַעך דעם סטיל, האָט מאַרקס אַליין גרינטלעך איבערגעקוקט און אויסגעפּאַריכט אייניקע סוב-אָפּטיילן און דערמיט גופע ווי אויך מיט די פיל מינדלעכע אָנמערקונגען האָט ער מיר געוויזן אין וואָס פאַר אַ מאָס מע' דאַרף באַנײַטיקן די ענגלישע טעכנישע אויסדרוקן און אַנדערע אַנגליציזמען. ווען מאַרקס וואָלט געלעבט, וואָלט ער געוויס איבערגעאַרבעט די אַרײַנשטעלונגען און די דערגאַנצונגען, פאַרבײַטנדיק די גלאַטע פראַנצויזישע שפּראַך מיט זײַן געפּרעסטער דײַטשישער שפּראַך. איך בין געווען געצוווּנגען צו באַנוגענען זיך מיטן אײַנפּאַכן אַריבערטראָגן זיי אין די אַנטשפּרעכיקע שטעלן פונעם בוך, סטאַרענדיק זיך נאָר, זיי זאָלן מעגלעך מער האַרמאָנירן מיטן גרונט-טעקסט.

פ. ענגעלס. פאָרוואָרט צו דער 3 אויפלאַגע פון „קאַפּיטאַל". דאָרטן.

די מיִעסע געגנג פון די דײַטשישע רעגירונגען, פון דער פּאָליציי און פון די געריכטן בענעגייע צו אונדזערע כאַווײרים נעמען ביקלאַל אָן בעהאַדראָגע אַזאַ כאַראַקטער, אַז אַפילע די סאַמע שטאַרקע אויסדרוקן זײַנען צו אָרעם פאַר זייער כאַראַקטעריסטיק. נאָר אַזוי ווי ס'איז ניט קיין מוז, אַז דאָס שטענדיקע געברויכן שטאַרקע ווער-

טער מוז דאפקע צוגעבנ קראפט דער שפראכ, אונ אזויווי דאָס שטענדיקע געברויכנ אזוינע ווערטער, ווי אויסוואָרפ אונ אנד. שוואכט אָפּ דעם עפעקט, אזוי אז מע וואָלט באדארפט אָנקומענ צו נייַע שטאַרקערע אויסדרוקנ אונ, אזויארום, איבערגיינ צו מאָסט־שנייַדערס סטיל, איז געוווּנטשנ אנ אנדער מיטל, וואָס זאָל זיכערנ די קראפט פונ אויסדרוק אונ אָנ שטארקע ווערטער. אונ אזא מיטל עקזיסטירט, עס באשטייט אינ אָפּגעבנ דעמ פאָרצוג דעמ אָנווענדנ איראָניע, שפּאָט, סארקאזמ, וואָס ווירקט שטארקער אפנ קעגנער, ווי די סאמע גראָבע ווערטער פונ אופגעבראכטקייַט. איכ קלער, אז ס. ד. וואָלט גוט געטאָנ, ווענ ער וואָלט אומעטומ, ווו ס'איז מעגלעכ, אָנגעווענדט די אלטע, הויפּטזאכלעכ איראָנישע שרייַב־מאניר, וואָס דאָס האָט שוינ געהאט אנ אָרט אינעמ לעצטנ נומער. ווענ מע זאָל נאָכ דערבייַ טייל־מאָל געבנ שטארקע קלעפּ מיט א דובניע, וועט עס מאכנ א שטארקנ עפעקט. בעבעל האלט אויכ אינ דעמ היניזיכט מיט מיר. דערבייַ זאָרגנ איצט אייַערע קאָרעספּאָנדענטנ גענוג צו מאָלנ דאָס פאָרגעקומענע מיט שטארקע אויסדרוקנ.

ענגעלס א בריוו צו ע. בערנשטיינ. יונ, 1882. ארכיוו 1.

מיקויעכ איינ זאכ מעגט איר זייַנ רויִק. איכ ווינטש ניט פאר זיכ קיינ בעסערנ איבערזעצער, ווי איר. שטרעבנדיק ריכטיק אונ פּינקטלעכ איבערצוגעבנ דעמ זינענ, זייַט איר אינעמ ערשטנ בויגנ געווענ אביסל נאכלעסיק בענעגייע דער זאצ־מיטשטימונג, voilà tout. דערמיט איז צו דערקלערנ, וואָס ווינסדיק מארקס אייגנארטיקע פאר אייַכ אומגעוויינהייַטלעכע זאצ־מיטשטימונג אונ וועלנדיק עס ארייַנברענגענ, האָב איכ געמאכט אסאכ ענדערונגענ.

אויב נאָכנ איבערגעבנ דעמ געדאנק אפּ דייַטש וועט איר נאָכאמאָל איבערלייענענ דעמ מאנוסקריפּט, לייגנדיק אכט אפּ דער פארשטענדלעכער זאצ־מיטשטימונג, אונ וועט דערבייַ געדענקענ, אז מע דארפ ווי ווייַט מעגלעכ אויסמייַדנ די צעצויגענע זאצ־מיטשטימונגענ פונ דער שול, ווו דער ווערב פונעמ בייַזאצ קומט אלעמאָל צומ סאָפּ, ווי מע האָט עס אונדז אלעמענ ארייַנגעקלאפּט אינ קאָפּ, וועט אייַכ ניט שווער זייַנ אליינ צו ברענגענ אלצ אינ אָרדענונג.

ענגעלס א בריוו צו ע. בערנשטיינ, 5 פעווראל 1884. דאָרטנ, 354.

דער סטיל פונ דער דאָזיקער ארבעט פּרודאָנס („וואָס איז אזוינס אייגנטומ") פארמאָגט, אויב מע קענ זיכ אזוי אויסדריקנ, א שטארקע מוסקולאטור. פאר איר הויפּט־מייַלע האלט איכ גראָד דעמ סטיל. ס'איז קאָנטיק, אז אפילע דאָס, וואָס פּרודאָנ כאזערט איבער, אנטדעקט ער זעלבשטענדיק, אונ אלצ, וואָס ער זאָגט, איז פאר אימ נייַ, אונ אזוי זעט עס אויס.

ארויסרופערישע דרייסטקייַט, וואָס ער פארהייבט דערמיט די האנט אפּ די עקאָנאָמישע „קאָדשעקאָדאָשימ", שארפזיניקע פּאראדאָקסנ, וואָס ער שפּאָט דערמיט אויס דעמ געמיינעמ בורזשואזנ גלייַכנ געדאנק, פארניכטנדיקע קריטיק, ביטערע איראָניע, טיפ אונ אופריכטיק געפיל פונ אופגעבראכטקייַט קעגנ די שענדלעכע זייַטנ פונ דער עקזיסטירנדיקער זאכלאגע, וואָס ווארפט זיכ דורכ אָט דאָ אָט דאָרט, רעוואָליוציאָ־

בערער גײַסט, — דאָס אַלצ האָט באַמ ערשטנ דערשײַנענ פונעמ בוכ „וואָס איז אַזוינס אײגנטומ״ עלעקטריזירט זײַנע לײענער אונ געגעבנ אַ שטאַרקנ שטויס זײער געדאַנק.

אינ דער שטרענג־וויסנשאַפטלעכער געשיכטע פונ דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע וואָלט דאָס בוכ קוימ פאַרדינט דערמאַנט צו ווערנ, אַזוינע מינע סענסאַציאָנעלע ווערק שפּילנ אָבער די זעלביקע ראָליע אינ דער געשיכטע פונ דער וויסנשאַפט, ווי אינ דער געשיכטע פונ דער שײנער ליטעראַטור...

אינ קעגנזאַצ צו „וואָס איז אַזוינס אײגנטומ״, ווײַזנ זיכ אַרויס אינ דער „פילאָסאָפיע פונ דאַלעס״ אינ זײער אַנ אומגיסטיקנ שײַנ אַלע כעסרוינעס פונ דער פּרודאָנישער שרײַב־מאַניר. דער סטיל ווערט אָפט אַזאַ, וואָס די פראַנצויזנ רופנ אימ אָנ ampaulé (אָנגעבלאָזנ). אומעטומ, ווו עס פעלט אימ גאַלישער שאַרפזינ, טרעט אַרויס אַפ דער סצענע פּרעטענטעציעזע ספּעקוליאַטיווע פּלוידערײַ, וואָס ווערט אַרויסגעשטעלט אַלס דײַטשישע פילאָסאָפיע. באַמ לײענער גרילצט מאַמעש אינ די אויערנ אָט דער טאָנ פונ אַ פּאַיאַצ אונ פאַנפאַראָנ, אָט די זעלבסטבאַרימערײַ, די לאַנגװײַליקע פּלוידערײַ אונ די אײביקע קנאַקערײַ וועגנ זײַנ קלוימערשטער וויסנשאַפט. דער אופריכטיקער ברענ, וואָס נעמט דורכ זײַנ ערשטע אַרבעט, ווערט דאָ אינ אײניקע ערטער סיסטעמאַטיש פאַרביטנ מיט דעקלאַמאַציע אונ מיט אַ קינסטלעכ צוגעוואַרעמטנ טאָנ.

מאַרקס בריוו צו שווײצערנ, 24/1—1865.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Письма изд. 4/33 — 28.

נעכטנ האָב איכ געלײענט אינ דער פראַנצויזישער איבערזעצונג אַ קאַפּיטל וועגנ דער פאַבריקישער געזעצגעבונג. באַ דעמ גאָרנ רעספּעקט צו דער קונסט, וואָס מיט איר איז אָט דאָס קאַפּיטל איבערגעזעצט אַפ אַ שײנעמ פראַנצויזיש, טוט מיר פונדעסטוועגנ באַנק דאָס דאָזיקע אויסגעצײכנטע קאַפּיטל. קראַפט, זאַפטיקײַט אונ לעבנ — אַלצ איז אַוועק צומ טײַוול. די מעגלעכקײַט פאַר אַ שרײַבער אויסצודריקנ שײנ זײַנע געדאַנקענ ווערט געקויפט אַפ כעזשבנ פונ שפּראַכ־קאַסטראַציע. ס׳ווערט אַלצ מערער אומעגלעכ אויסצוזאָגנ געדאַנקענ אַפ אָט דער הײַנטצײַטיקער, מיט קלאָלימ געפּענטעטער פראַנצויזישער שפּראַכ. דאָס איבערשטעלנ די זאַצנ, וואָס דערצו צווינגענ די קלאָלימ פונ דער פּענדאַנטישער פאָרמעלער לאָגיק, נעמט אָפּ באַמ שרײַבאַרט יעטווידע העלקײַט, יעטווידע לעבעדיקײַט. איכ וואָלט געהאַלטנ פאַר אַ גרויסנ פעלער צו לײגנ אינ גרונט פונ דער ענגלישער איבערזעצונג די פראַנצויזישע איבערזעצונג. אַפ ענגליש איז ניט נײטיק ווײכער צו מאַכנ די אויסדרוק־קראַפט פונעמ אָריגינאַל, וואָרעמ דאָס וואָס עס וועט אומפאַרמײַדלעכ פאַרלוירנ גײנ אינ פראַט פונ ווירקלעכנ דיאַלעקטישנ אויסלײגנ אײניקע שטעלנ, וועט אינ אַנדערע פראָטימ קאָמפּענסירט ווערנ דורכ דער גרעסערער קראַפט אונ לאַקאָנישקײַט פונ דער ענגלישער שפּראַכ.

ענגעלסעס בריוו צו מאַרקסנ, 29/11, 1873.

К. Маркс и Ф. Энгельс. Соч. XXIV 1931, 423.

וואָס אַנבאַלאַנגט דער פאָרמ האָט מענ געקענט מײנענ, אַז פיל פּרעמדווערטער וועלנ אַרויסרופנ מיספאַרשטײעניש, אָבער לאַסאַל שוינ איז אינ זײַנע רעדעס אונ פּראָפּאַגאַנדע־שריפטנ לאַכלוטנ ניט געווענ שפּאָרעוודיק מיט פּרעמדווערטער אונ, —

ווי ווײַט איכ ווייס, — האָט מענ זיכ דערופ נישט געקלאָגט. אונ פונ יענער צײַט אָנ האָבנ אונדזערע ארבעטער אסאכ פלײַסיקער אונ אסאכ רעגולערער געלייענט צײַטונגענ, אונ דורכ דעמ גופע זײַנענ זיי מער באקאנט געוואָרנ מיט פרעמדווערטער. איכ האָב זיכ באנוגנט מיט באזײַטיקנ אלע ניט אומבאדינגט נויטווענדיקע פרעמדווערטער. איבערלאָזנדיק אָבער די נויטווענדיקע, האָב איכ זיכ אָפּגעזאָגט צוצוגעבנ צו זיי די אזויגערופענע דערקלערנדיקע איבערזעצונגענ. אזוינע נויטווענדיקע פרעמדווערטער, וואָס שטעלנ מיט זיכ פאָר אינ דער מערהײַט פאלנ אלגעמיינ-אָנגענומענע וויסנשאפטלעכ-טעכנישע אויסדרוקנ, וואָלטנ דאָכ טאקע ניט געווענ נויטווענדיק, ווענ מע זאָל זיי קענענ איבערזעצנ. די איבערזעצונג פארדרייט נאָר זייער זינענ; אָנשטאָט צו דערקלערנ טראָגנ זיי ארײַנ א פּלאָנטער. מינדלעכע דערקלערונגענ העלפנ אינ אזא פאל אסאכ מער.

Ф. Энгельс· Развитие социализма от утопии к науке ,1931. (פּראָגרעס)

# נאָמענ־צעטל

**אולפילע** (וואָלפילע) (311 — 383). וועסטגאָטישער ביסקופּ. האָט אויסגעפונענ דעמ גאָטישנ אלעפבייז. האָט איבערגעזעצט די ביבל אפ גאָטיש.

**אייכהאָפ** (1799 — 1875). פראנצויזישער פילאָלאָג.

**באוער ברונאָ** (1809 — 1882). פירער פונ די יונג־העגעליאנער. אווטער פונ פּובליציסטישע אונ היסטאָרישע ארבעטנ (אויכ וועגנ דער געשיכטע פונ קריסטנטומ).

**באוער עדגארד** (1820 — 1886). ברונאָס ברודער. פּובליציסט. רעדאקטער פונ א לאָנדאָנער ארבעטער־צייטונג.

**באָפּפּ פראנצ** (1791 — 1867). דייטשישער פילאָלאָג. איינער פונ די גרונטלייגער פונ פארגלייכיקנ שפּראכוויסנ.

**בלאנ לוי** (1811 — 1882). קליינבירגערלעכער סאָציאליסט. מיטגליד פונ דער צייטווייליקער רעגירונג אינ פראנקרייכ אינ 1884 י. היסטאָריקער.

**בלאנקי זשעראָמ־אדאָלפ** (1798 — 1854). פראנצויזישער עקאָנאָמיסט.

**בעקער רודאָלפ זאכארי** (1752 — 1822). דייטשישער פילאָלאָג.

**ברײ דזשאָנ פרענסיס** (30 — 40 יאָרנ פונעמ 19־טנ י. ה.). ענגלישער אוטאָפּיסט־סאָציאליסט (נאָכפאָלגער פונ ר. אָוענ).

**גראפ עבערהארד גאָטליב** (1780 — 1841). דייטשישער פילאָלאָג.

**גרימ יאקאָב** (1785 — 1863). דייטשישער פילאָלאָג. פאָלקלאָריסטנ, געשיכטלער פונ מיטלאלטערלעכער ליטעראטור א. א. גרונטלייגער פונ פארגלייכיקנ שפּראכוויסנ אונ פונ דער היסטאָרישער ריכטונג אינ שפּראכוויסנ.

**גריי דזשאָנ** (1789 — 1856). ענגלישער עקאָנאָמיסט. אווטער פונ אוטאָפּיסטישנ פּראָיעקט צו איבערבויענ די געזעלשאפט אפ די יעסוידעס פונ א נייער טויש־אָרגאניזאציע.

**דאָבראָווסקי** (1753 — 1829). פילאָלאָג. סלאוויסט.

**דיורינג עווגענ** (1833 — 1921). קליינבירגערלעכער פילאָסאָפ עקלעקטיקער. האָט פּרעטענדירט אפ אנ אייגענער סיסטעמ פונ סאָציאליזמ. קעגנ אימ איז געווענדעט ענגעלסעס „אנטי־דיורינג״.

**דיצ.** דייטשישער פילאָלאָג. אווטער פונ א פארגלייכיקער גראמאטיק פונ די ראָמאנישע שפּראכנ (לויטנ מעטאָד פונ גרימס היסטאָרישע פאָרשונגענ).

**דעסטיוט דע־טראסי** (1754 — 1836). ליבעראל־בורזשואזער עקאָנאָמיסט אונ פילאָסאָפ.

**דראָז דזשאָזעפ** (1773 — 1850). פראנצויזישער היסטאָריקער. האָט געשריבנ אויכ וועגנ פראגעס פונ פילאָסאָפיע אונ עקאָנאָמיק.

הומבאָלדט ווילהעלם (1767 — 1835). באַרימטער דײַטשישער פֿילאָלאָג.

הילדעבראַנד ברונאָ (1812 — 1878). עקאָנאָמיסט.

העגעל געאָרג ווילהעלם פֿרידריך (1770—1831). באַרימטער פֿאָרשטייער פֿון דײַטשישן אידעאַליזם. אידעאַליסטישער דיִאַלעקטיקער.

הערַאקליט (עפּעסער — אַרום 480 — 546 ביז דער קריסטלעכער ערע). גריכישער פֿילאָסאָף. מע האָט אים גערופֿן „טונקעלער" פֿאַר דער אומקלאָרקײַט פֿון זײַן לערע.

וואַגנער אַדאָלף (1835 — 1917). דײַטשישער בורזשואַזער עקאָנאָמיסט.

וואָלף ווילהעלם (לופּוס) (1809 — 1864). דײַטשישער רעוואָלוציאָנער. מיטגליד פֿון קאָמוניסטישן פֿאַרבאַנד. מאַרקס און ענגעלסעס פֿרײַנט.

ווייטלינג ווילהעלם (1808 — 1871). דײַטשישער אוטאָפּישער קאָמוניסט.

זאָרגע פֿרידריך אַנטאָן (1828 — 1906). דײַטשישער קאָמוניסט. איינער פֿון די אָנפֿירער פֿון די אַמעריקאַנישע סעקציעס פֿון אינטערנאַציאָנאַל, דערנאָך גענעראַל־סעקרעטאַר פֿונעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

טאַציט פּובלי קאָרנעלי (אַרום 54 — 120). רוימישער היסטאָריקער.

טיער יול אַדאָלף (1797 — 1877). היסטאָריקער, מעלוכע־טוער.

לאַפֿאַרג פּאָל (1842 — 1911). אָנטײלנעמער פֿון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל. איינער פֿון די גרינדער פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרבעטער־פּאַרטיי. אווטער פֿון „שפּראַך און רעוואָלוציע".

ליבקנעכט ווילהעלם (1826 — 1900). איינער פֿון די גרינדער און פֿירער פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

לעלעוועל יאָאַכים (1786 — 1861). פּױלישער היסטאָריקער. נאַציאָנאַליסט־דעמאָקראַט.

מאָרגאַן. אַמעריקאַנישער געלערנטער, געשיכטלער פֿון פֿאַרהיסטאָרישע עפּאָכעס.

מױרער געאָרג לודוויג (1790 — 1872). היסטאָריקער פֿון רעכט.

מיולער מאַקס (1823—1900). ענגליש־דײַטשישער לינגוויסט און געשיכטלער פֿון רעליגיע. אין זײַנע לינגוויסטישע ווערק פֿירט ער דערהויפּט דורך די האַנאָכעס פֿונעם נאַטוראַליסטישן ביִאָלאָגיזם, האַגאַם ער זאָגט זיך אָפּ פֿון באַגריף שפּראַך־אָרגאַניזם און פּרוּווט זיך אַפֿילע ערטערווײַז צו פֿאַרבינדן די ענדערונג פֿון שפּראַך מיט דער ענדערונג פֿון שטייגער און פּראָדוקציע.

סאַנטשאָ פּאַנסאָ — דאָן־קיכאָטס וואָפֿנטרעגער (אין סערוואַנטעס סאַטירישן ראָמאַן, 16־טן יאָרהונדערט).

פֿיפֿער פֿרידריך לודוויג ווילהעלם (געב. 1827). פֿילאָלאָג. מיטגליד פֿון קאָמוניסטישן פֿאַרבאַנד אין לאָנדאָן.

פּרודאָן פּיער דזשאָזעף (1809 — 1865). פֿראַנצויזישער קלײנבירגערלעכער אוטאָפּיסט. שטאַמפֿאָטער פֿון אַנאַרכיזם.

פֿײַערבאַך לודוויג (1804 — 1872). איינער פֿון די אָנגעזעענסטע דײַטשישע פֿילאָסאָפֿן פֿון דער העגעל־שול. מאַטעריאַליסט. זײַן אַבסטראַקטן איינזײַטיקן מאַטעריאַליזם קריטיקירן מאַרקס און ענגעלס אין דער „דײַטשישער אידעאָלאָגיע", „לודוויג פֿײַערבאַך" א. אנד.

צעזאר יולי (44 — 100 ביז אונדזער ערע). רוימישער אימפעראטער. מעלוכע־טוער און שרײַבער.

קארלייל טאָמאס (1795 — 1881). ענגלישער פילאָסאָף.

קיוווע זשאָרזש (1769 — 1832). פראנצויזישער נאטורפאָרשער.

ראָסי סעלעגרינע־לודוש (1787 — 1848). איטאליענישער מעלוכע־טוער, פראָפעסער פון רעכט און פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

רוגע אָרנאָלד (1802 — 1880). יונג־העגעליאנער, ראדיקאלער פּובליציסט.

רומפאָרד בענדזשאמען טאָמפסאָן (1753 — 1814). אמעריקאנישער אָפּיצער, דערנאָך בײַערישער מיניסטער. אָרגאניזאטער פון אָרעם־הײַזער, ווו די דערנערונג איז באשטאנען אין אן עקלדיקן שיטערן זופּ.

ריקארדאָ דאוויד (1772 — 1823). בארימטער בורזשואזער עקאָנאָמיסט. האָט שארף אנאליזירט די בורזשואזע פּראָדוציר־פּארהעלטעניש.

שאפאריק (1795 — 1861). טשעכישער היסטאָריקער און פילאָלאָג.

שטאדלער — אווטער פון א שווייצישן ווערטערבוך.

„שטירנער״ („הייליקער מאקס״) שמידט יאָהאן־קאספער (1806 — 1856). דײַטשישער קליינבירגערלעכער פילאָסאָף. טעאָרעטיקער פון אינדיווידואליסטישן אנארכיזם.

שלייכער אווגוסט (1821—1868). דײַטשישער לינגוויסט. גרונטלייגער פון ביאָלאָגישן נאטוראליזם אין שפּראכוויסן.

שלעצער אווגוסט לודאָוויק (1735 — 1809). היסטאָריקער און פּעדאגאָג.

שמעלער יאָהאן אנדרעאס (1785 — 1825). — דײַטשישער לינגוויסט און פּעדאגאָג.

שעליגע — פּסעוודאָנים פון צירליגסקי (1816 — 1900). פּרײַסישער אָפיצער, יונג־העגעליאנישער שרײַבער פון ב. באוערס קרײַז.

---

# זאך־צעטל

(צו די ארויסזאָגונגען)


אבסטראקציע 37, 74.
איבערזעצונג 57, 91, 92.
איטאליעניש 77, 86.
אינדיש 68.
אנגלאָ־זאקסיש 68.
אפּאָזיציע 56.
אקוזאטיוו 87.
אראביש 87.
ארבעט 38, 47, 48, 72, 78, 80.
אָרטאָגראַפּיע 47, 84.
באוועגונג (און מאטעריע) 37, 38.
באזיס און איבערגעבוי 43, 44, 78—80.
באָלגאריש 85.
בורזשואזיע (און פּראָלעטאריאט) 40, 47, 50.
גאָטיש 68, 82, 88.
גראמאטיק 78, 83, 87.
גריכיש 90.
דאטיוו 87.
דיאַלעקט 74, 75, 77, 89.
דייטשיש 40, 68, 75, 77, 89.
דעניש 75.
דענקען (און הערשנדיקער קלאס) 38, 39, 40.
האָלענדיש 68, 86.
וואלאכיש 77.
וואָרט (און באגריף) 49, 50, 51, 52,
54, 55, 60, 63.
Communio 46.
religare 61.
קאפּיטאל 62, 69, 70.
פרוי 64.
פאמיליע 64.
sibja 66.
rex 65, 66.
König 65.
שטאם 64, 65.
אומשטאנד 65.
מיל 71, 72.
ווערק 72.
פּראָצעס 73.
ענערגיע 73.
ווערט 67, 68, 69, 75.
פאריבע 82.
מאָרגען (ערד) 69.
ווערטערבוך 81.
זאַץ־מיטשטימונג 91.
זיין (און באוווסטזיין) 37, 40, 41.
טערקיש 77.
לאטייניש 88.
ליטוויש 68.
מאדיאריש 77.
נאָמען (און זאך) 41—43, 53, 72, 78—80.
סאנסקריטיש 68, 88.
סוביעקט 53.
סטיל 48, 49, 51, 90, 92, 93.
סינאָנימיק 57, 58, 59, 60, 61, 70.
סלאווישע שפּראכן 77, 83, 84.
סערביש 86.
ענגליש 68, 75, 87, 88.
— ־זאקסיש 88, 89.
פאנסלאוויזם 76, 77.
פּויליש 81.
פּערסיש 87.
פּראָדוקציע (מאטעריעלע, גייסטיקע, סכוירע־)
37, 38, 43, 46, 52.
פּרעדיקאט 53.
פילאָלאָגיע (פילאָלאָגן) 76, 77, 78, 84.
פילאָסאָפיע 52, 53, 54, 59, 61, 76, 84, 92.
פראנצויזיש 86, 77.
פריזיש 83, 86.
פרעמדווערטער 42, 75.
קאָמוניזם 49, 55, 58, 83.
רונעס 82.
רוסיש 83, 84, 85, 87.
שפּאניש 86.
שפּראך (און דענקען) 41, 45, 52—53.
אלטע 78.
אופקום און אנטוויקלונג 74, 77, 80.
ארטיקולירטע 79, 80.
בורזשואזע 47—60.
געזעלשאפטלעכער פּראָדוקט 46.
נאציאָנאלע 74, 75.
נייע 79.
שפּראך־קענטעניש 86, 87, 78, 81.

# אינהאלט


מארקס און ענגעלס וועגן שפּראַך און שפּראַכוויסן (אַרײַנפיר) . . . . . . . . . 3

מארקס און ענגעלסעס ארויסזאָגונגען וועגן שפּראַך:

באַוווּסטזײַן איז באַוווּסטיקט זײַן. שפּראַך איז רעאַלער באַוווּסטזײַן . . . . . 37

שפּראַך איז א געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקט און א געווער אין קלאַסן־קאַמף . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 46

לאָגישע קאַטעגאָריעס דריגנגען ארויס פון אונדזערע פאַרהעלטענישן . . . . 63

צו אופקום און אנטוויקלונג פון שפּראַך . . . . . . . . . . . . 74

מארקס און ענגעלסעס אינטערעס צו שפּראַך און שפּראַכוויסן . . . . . 81

נאָמען־צעטל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 94

זאַכ־צעטל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 97